איסכילאָס

# דער געשמידעטער פראמעטהעאוס

טראגעדיע

צוערסט אויפגעפיהרט אין סיראקוז

475 יאָהר פאָר קריסטוס.

איבערזעצט פון

ל. בערגמאן

פרייז 15 סענט

ארויסגעגעבען פון

מ. יאנקאוויטץ און זשוקאווסקי

141 דיוויזשיאן סטריט, ניו יארק

PUBLISHED BY

M. JANKOWITZ & ZUKOWSKY

141 DIVISION STREET, NEW YORK.

# איינלייטונג.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס! דער סימבאָל פון דעם געטליכען זשעניוס, דער טריאומף פון גאָט־נאַטור, וועלכע האָט אין איהר כאָאָס פון גרויזאמער צושטערונג און ווידער־געבורט געקאָנט ענט־וויקלען דעם ערהאבענעם אידעאַל פון אונבעגרענצטער ליעבע צו אַל־דאָס שעהנע, עדעלע און גוטע אין די הערצער און אין די קעפּ פון געוויסע קולטור־טרעגער און קעמפּפער פאַר די מענשהייט, וועל־כע מען קען מיט רעכט אָנרופען „דיע פּראָמעטהעאוסען אין דער מענשהייט". צו געוויסע צייטען דערהייבט זיך איינער פון די גע־וועהנליכע מאַסע, אָנגעצונדען פון דעם געטליכען פייער פון ליעבע צו די ליידענדע, ער שטייגט אַרויף אין ריינעם עטהער, אין די העֿ־כערע, געטליכע אידעאַלע ספעהרען, טהיילט זיך אָב פון דאָס אַל־טעגליכע געטריעבען פון אַ געהיימניכפולע קראַפט צו זיין ערהאַ־בענע מיסיאָן — דאָך אין דער זעלבער צייט ווירקט שוין די גרוי־זאַמקייט פון די שאַפענדע און צושטערענדע נאַטור און שטעמפּעלט שוין דעם זשעניוס מיט דעם צייכען פון פערניכטונג; אין זיין קאַמפּף פאַר זיינע הויכע אידעאַלען מוז ער צולעצט פאַרוואונדעט פאַלען, דען יענע מאַכט פון פערניכטונג האָט שוין דעם פּראָמעט־העאוס, באַצייטענס, די מאַרטירער־קרוין אויפ'ן בלוטיגען שטערען אַרויפגעזעצט. — דאָס איז דאָס אייביג געטליכע נאַטור־געזעץ, דאָס מיסטעריום פון דעם שיקזאַל.

ווירקליך גרויסארטיג איז די סימבאָליסטיק פון דיזען אור־אַל־טען מייסטערווערק „פּראָמעטהעאוס"!

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס איז דער אָ ד ם, מיט וועמען די גאַנצע פון איהם ענטוויקעלטע מענשהייט איז פערפאַלען געוואָרען צו דער „ג ע ט ל י כ ע ר פ ע ר ד אַ מ ו נ ג". פ ר אָ מ ע ט ה ע־א ו ס אליין איז דער פאַרברעכער געגען די הייליגע אָרדנונג פון די

געטער מיט זייער געטליכען טיראן ז ע א ו ס דעם הערשער איי־
בער די געטער, דען געגען דעם ווילען פון די געטער שאפט פ ר אָ ־
מ ע ט ה ע א ו ס די מענשהייט מיט אייגענער מאכט און דערהאלט
זיי אין זייער עקזיסטענץ; דאָס אַליין איז שוין געווען אַ פאַרברעכען
געגען דעם דעספּאָטישען ווילען פון ז ע א ו ס, און פּ ר אָ מ ע ט־
ה ע א ו ס צייגט אַרוים מיט דעם זעהר גוט זיין ליעבע צו דער
פּ ע ר ז ע נ ל י כ ע ר פ ר י י ה י י ט — ער שליידערט פון זיך
אַרונטער דעם דעספּאָטישען צוואַנג און שאפט אַליין פון זיך אויס
און מיט אייגענעם ווילען זיין אייגענעם מייסטערווערק. יאַ, ער
געהט נאָך ווייטער, דיעזער געטליכער רעוואָלוציאָנער, עהנליך צו די
ביבלישע לעגענדע פון ד ע ם ע פּ ע ל פ ו ן ב ו י ם פ ו ן
ו ו י ס ע ן. אַזוי רויבט פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס פון'ם הימעל
דאָס ג ע ט ל י כ ע פ י י ע ר: און שענקט עס צו דער מענשהייט,
און דערפאַר רופט מען איהם אויך דעם „ל י כ ט ב ר י י נ ג ע ר"
איז דיעזע אידעע פון דער געטליכער וועלט־דראַמאַ ניט געטליך? עס
איז וואונדערבאַר ווי אַזוי דיעזער גרויסאַרטיגער געדאַנק האָט זיך
געקאָנט ענטוויקלען אין'ם אַלטערטום שוין אונגעפעהר 2500 יאָהר
צוריק. — ווי עס שיינט איז דיזע אידעע פון דער ו ו ע ל ט־
ד ר א מ א ענטוויקעלט געוואָרען פון אַ נידריגער פאָרם פון פאָלקס־
לעגענדע וועלכע האָט בוכשטאַבליך באַצייכענט דאָס „פייער" וואָס
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס האָט די מענשהייט געשאָנקען מיט פייער
אין געוועהנליכען זין פון וואָרט. ערסט זייערע דיכטער ווי אַ
א י ס כ י ל אָ ס, ס אָ פ אָ ק ל ע ס אייריפּידעס א. ז. וו. האָבען
דיזע טונקעלע פאָרשטעלונג אין פאָלקס־מיטהאָלאָגיע מעהר פאַר־
איידעלט און קינסטלעריש פאַרווערטהעט, און ווירקליך סימבאָלי־
זירט א י ס כ י ל אָ ס זיין פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס „דעם ליכט־
בריינגער" אַלס די ג ע ט ל י כ ע נ א ט ו ר ־ ק ר א פ ט וועלכע
האָט אָנגעצונדען אין דער מענשהייט דעם געטליכען פייער פון ווי־
סען, קונסט און ענטוויקלונג. ער שטעלט איהם ווירקליך פאַר אַלס
באַנער־טרעגער פון קולטור און ציוויליזאַציע, פאַר אַזאַ מין „פאַר־
ברעכען" געגען דעם דעספּאָטישען זין פון דעם גאָט ז ע א ו ס באַ־
פעהלט ער זיינע געטליכע היינקער „ק ר א ט אָ ס" (די קראַפט)
און ב י אָ (די געוואַלט) צוזאַמען מיט דעם געטליכען שמיעד

ה ע פ א י ס ט אָ ס  דעם בלוטיגען אורטהייל אויסצופיהרען. אזוי אָנגעשמיעדט צום פעלזען, א בילד פון א עכטען מארטירער. די מיטלייד פיהלענדע אָקעיאַנידען ערשיינען און אויף זייערע פראגען דערצעהלט זיי פּראָמעטהעאוס איבער זיין גרויסע הייליגע מיסיאָן צו דער מענשהייט פאָלגענדעס:

...זיי האָבען פאַר'ן ווינטער, פאַר'ן בלומיגען פריהלינג און פאַר'ן פרוכטבאַרען זומער ניט געוואוסט מיט אַ פעסטען צייכען די צייט צו באַ־שטימען, אָהן געדאַנק איז געווען זייער שאַפען, ביז איך האָב זיי עס גע־וויזען ווי די שטערען אויף און אונטערגעהן און אויך די הויכע ווי־סענשאַפט פון צאָהלען, דעם געברויך פון שריפט, אויך דאָס געדעכטניס, די מוטער פון די מוזען פאַנטאַזיע) האָב איך זיי געגעבען...

אזוי האָט איהם דער פון די מוזען געקרוינטער דיכטער גע־שילדערט:

פּראָמעטהעאוס אלס דער טרעגער פון הויכע אידעיאַלען, — פון קונסט און וויסענשאַפט און ליעבע צו דער מענשהייט — אזא אונבעגרענעצטע ליעבע, אזא איבערגעבענע, דאָס זי מאַכט דעם ליעבענדען צום מ א ר ט י ר ע ר, דאָס שרעקליכע סימבאָל פון מאַרטירערטהום אָנגעשמידט מיט אייזערנע קייטען, הייענגענדיג, אויפ'ן נאַקעטען, קאַלטען פעלזען־שפיץ מיט דעם אייזערנעם שפיעז אין דער ברוסט, באַטאָג געברענט פון די גליהענדע זון און פון דעם פראָסט געפייניגט אין דעם פריה־מאָרגען און  ז ע א ו ס  ה ו נ ד, דער אָדלער קומט אַלע ווייל און האַקט אין איהם און פרעסט זיין לעבער... דערפאַר וואָס ער האָט דאָס געטליכע פייער גערויבט פון דעם געטליכען פינסטערלינג דאָרט אויבען אין דעם  אָ ל י מ פּ ו ס און האָט מיט דעם די מענשהייט באגליקט; וועלכע איינמאָל אָנ־געצונדען אין דער מענשליכער ברוסט געפינט אלץ מעהר שטאָף צום ברענען אין פיעלע הערצער און קעפּ, אלץ ווייטער און ווייטער, און אזוי ווי דיזער פייער־בראַנד וועט אלץ מעהר און מעהר אָנגע־פאָכט ווערט ער אויפפלאַקערען צו אַ גרויסען ריזיגען פלאַם, וואָס

וועט די גאַנצע מענשהייט אָנצינדען צום ק אַ מ פּ ף פּ אַ ר וו י־ ס ע נ ש אַ פ ט, ק ו נ ס ט א ו ן פ ר י י ה י י ט.

מייסטערהאַפט איז די ערקלעהרונג פון פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס צו די אָ ק ע י א נ י ד ע ן: נאָכדעם ווי ק אָ ר אָ נ אָ ס, דער פריהערדיגער הערשער איבער די געטער, איז אַרונטערגעשליידערט געוואָרען פון זיין געטער־טהראָן, און איז צוזאַמען מיט זיינע קאַמפף־גענאָסען אַרויס פון דעם הערליכען אָ ל י מ פּ ו ס, און זיינען אריינגעזונקען אין דעם שוואַרצען ק ב ר פון ט אַ ר ט אַ־ ר אָ ס און ז ע א ו ס איז אויפ'ן געטער־טהראָן אַרויפגעשטיע־ גען, האָט ער האַלטענדיג אין האַנד דעם סצעפּטער פון זיין מאַכט, פאַרטהיילט די געוויסע עמטער און אויפטרעגע צו די געטער און האָט פאַר זיי אויסגעוועהלט אַ בעשטימטע טהעטיגקייט. אויך וועגען די אַנדערע עלעמענטען אין דעם וועלט־רוים האָט געמאַכט געוויסע בעשטימונגען, אָבער וועגען די מענשען האָט ער זיך ניט גענומען די מיה צו טראַכטען, דיזער כאָרט „ווערימדיגע קרעאַטור" איז ניט געוועזען נאָך זיין געשמאַק און האָט באַליידיגט זיין אַריס־ טאָקראַטישען, עסטהעטישען געפיהל, דיזע מענשהייט שיינט איז איהם פאָרגעקומען צו זיין אַ קאַריקאַטור פון די געטער און ער האָט זיי געוואָלט אויסראָטען און אַ נייע מענשהייט בעשאַפען, אָבער פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס האָט אויס מיטלייד מיט דיזע אָרימע פער־ אורטהיילטע מענשהייט, זיי געראַטעט פון דעם גרויזאַמען אור־ טהייל פון ז ע א ו ס און האָט זיי דערהאַלטען אין זייער עק־ זיסטענץ, זיי שענקענדיג די טהייערע געשענקע: „ד י ב ל י נ־ ד ע ה אָ פ ע נ ו נ ג„ און דאָס „ג ע ט ל י כ ע פ י י ע ר". נע־ גען ז ע א ו ס איז דאָס געווען אַפּאַרברעכען — און געוואָלט האָט ער אַ מענשהייט פריי פון פּראָמעטהעאישער שולד — זי זאָל די ב ל י נ ד ע ה אָ פ נ ו נ נ ג נ י ט נויטיג האָבען אום גליקליך צו זיין און ניט דאָס ג ע ט ל י כ ע פ י י ע ר אום צו זעהן. און דערפאַר האָט ער אויסגעלאָזען זיין גרימצאָרן אויף פּראָמעטהעאוס, וועלכער האָט דערפאַר געמוזט טראָגען אויף זיך די קאָנזעקווענץ פון זיין טהאַט.

איידעל זיינען די שטריכען וועלכע דייטען אָן מיט אַ מערק־ ווירדיגער צאַרטקייט דעם כאַראַקטער פון פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס,

זאָגט, ווייך און ערהאבען איז דער שטיל, אין וועלכען עס שפּיע־
געלט זיך אָב דער אונבעגרענצטער אַלטרואיזם פון אַ
פּראָמעטהעאוס צוגלייך הערט זיך צווישען זיינע געשפּרע־
כען ווי עס וויינט איהם די האַרץ איבער זיין אייגענעם אונגליק און
אַ שטילער פּראָטעסט, און דאָ ווידער דאָס אויפקאָכען פון דאָס איי־
דעל־שטאָלצע בלוט פון דעם מאַרטירער העלד.

מיט איינינע ביישפּיעלע וויל איך דעם לעזער אויף דעם אויפ־
מערקזאם מאכען;

צ. ב. ש., ווען אָקעיאַנאָס דער גאָט פון די ימים, בעט
זיך ביי איהם ער זאָל ענדערען זיין שטאָלצען זין, אום מיט דעם ביי
זעאוס גנאַדע, פאַרגעבונג און פרייהייט צו געווינען, וואָזט פּראָ־
מעטהעאוס דעם גוט־געמיינטען ראטה מיט זיין העראָישען,
איידלען שטאָלץ מוטהיג צוריק, און ווען אָקעיאַנאָס
ביעט זיך אָן צו זיין אַ פערמיטלער פאַר די גנאַדע פון זעאוס, זאָגט
פּראָמעטהעאוס צו איהם מיט די ריינע אונאייגענוציגע
ליעבע פון אַ אמת'ן פריינד:

„זעה נור צו דו זאָלסט זיך ניט מיט דיזען גאַנג אַליין שאָדען טהאָן.„

און אָקעיאַנאָס ענטפּערט אָדער בעסער נעזאָגט רופט
אוי מיט בעוואונדערונג און מיט אַ שטילען פּאָרוואורף איבער דעם
אונבעגרענצטען אַלטרואיזם פון פּראָמעטהעאוס.
ער זאָגט:

...פיעל בעסער דיינקסט דו אַלץ פאַר אַנדערע
און ניט פאַר זיך אַליין...

מען קען שוין פון דעם אויך האָבען אַ געוויסען בעגריף פון
דעם געדאַנקען גאַנג פון דעם דיכטער אַליין. אַזוי ריכטיג דעם
אַלטרואיסט צו שילדערען. —

אַ שיידערהאַפטען איינדרוק און אַ געפיהל פון שרעק רופט
אַרויס די סצענע אין דאָס געשפּרעך מיט יאָ, וועלכע ערשיינט
פּלעצליך פון די פינסטערע נאכט פון איהר וואהנזין, מיט איהר
שיקזאַל רופט זי אַרויס אַ האַס אין אונז געגען דעם געטליכען טיראַן
זעאוס און די געטין העראַ, ווייל זעאוס ליעבע
צו די אונשולדיגע מענשען־טאָכטער יאָ, איז איהר אונגליק, זיין קוס,
זיין אומאַרמונג און דער קורצער גענוס פון ליעבע אין זיין געצעלט

און נאָך דערצו די אייפערזוכט פון די געטין  ה ע ר א,  ווירקען שרעקליך אויף  י אָ,  זעאוס קום איז גיפט פאַר איהר, און די אייפערזוכט פון די געטין איז דער שטאָך פון וואהנזין פאַר איהר, פאַרשטויסען פון איהר פּאָטערס היים מוז זי דורכמאַכען די געוויסע צייט פון וואַהנזיניגער אַרומוואַנדערונג איבער דער וועלט, איבער בערג און טהאָל און איבער די שטראָמען און ימים פליהט זי ווי א נעהעצטע חיה.

פּראָמעטהעאוס זאָגט איהר פאָראויס איהר שיקזאַל און די דערלייזונג פון איהר וואהנזין דורך די ננאַדע פון זעאוס, און ער ערוואַרט פון איהר קומענדען געשלעכט דאָס אַרויסוואַקסען פון א צווייג, דאָס געבאָרען פון אַ בעפרייער פאַר זיך — ה ע ר א ק ל ע ס ער איז געווען די האָפנונג פון פּראָמעטהעאוס, דען ער האָט אַלס גאָט, אַלס טיטאַן זיין איינגענעם שיקזאַל פאָראויס געזעהען מיט א קלאָהרען בליק, דען ער אליין האָט ניט געהאט אין זיך די  „ב ל י נ ד ע  ה אָ פ ע נ ו נ",  וועלכע ער האָט  געשאָנקען צו  די מענשען, נור ווירקליך די  „ז ע ה ע נ ד ע  ה אָ פ נ ו נ ג".  וועלכע האָבען איהם געטרויסט אָבער האָבען איהם צו גלייך פאָראויסגעצייגט דעם לאַנגען וועג און די בלוטיגע שפּורען פון זיין מארטירערטהום, און איך גלויב דאָס אין אזא פאַל האָט פיליכט דער טיטאַן געקאָנט מקנא זיין די מענשען וועלכע ער האָט מיט דיעזער פאַרשלייערונג פון זייער צוקונפט, פיליכט גליקליכער ווי זיך אליין נעמאכט —

זעהר אינטערעסאנט איז די פּעראכטונג פון  פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס  צו דעם זיך אונטערוואַרפענדען מיט דער שקלאַפישער נשמה, דיזע פעראַכטונג דריקט ער אויס צו  ה ע ר מ ע ס  דעם געטער־העראָלד, וועלכער איז געשיקט פון  ז ע א ו ס  מיט דעם אויפטראג פון  פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס  צו קריגען פאָראויסגעזאָגט דעם שיקזאַל פון זיין הערשאַפט, א געהיימניס וועלכע נור פּראָמעטהעאוס האָט געוואוסט, אַזוי זאָגט  פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס  צו  ה ע ר מ ע ס  מיט פעראכטונג:

— פאַר דיין שקלאַפישען דיענסט וואָלט איך מיין ליידען —
יא הער עס נור דייטליך — ניט אויסבייטען — קיינמאָל ניט!
דען בעסער איז עס פאַרשקלאַפט צו זיין צו דעם שטיין
איידער צו זיין אַ געטרייער קנעכט ביים פאָטער  ז ע א ו ס —

מיט דיזע פערראכטונג פון די שקלאפען־מאראל און זיין אויסדרוק פון ליעבע צו די אינערליך פרייע אינדיווידואליטעט, זיין אויסשפריך בעסער פארשקלאפט צו זיין צום שטיין... צו וועלכען ער איז אנגעשמידט איידער אנצוערקענען אין זיך צו אינטערווארפען אונטער די אויטאריטעט פון א הערשער, איז מערקווירדיג. דאס צוויי טויזענד פינף־הונדערט יאהר צוריק אין גריכענלאנד, וואו די שקלאפעריי איז געוועזען אין פולען גלאנץ און איז געזוען אין יענער אריסטאקראטישער פעריאדע ארנע אירגענד וועלכען צווייפעל אלס מאראליש אנערקענט, דאס איסכילאס א קינד פון יענער צייט האט זיך געקאנט אויפהויבען צו דער גרויסארטיגער אידעע — דעם אינדיווידואליסטישען אלטרואיזם — ווען ער שרייבט אויף דעם באנער פון פראמעטהעאוס פערזענליכע פרייהייט און ליעבע צו דער מענשהייט. אידעאלען פון א קראפאטקין און א טאלסטאי פון איין זייט און א ניטשע און שטירנער פון דער אנדערער זייט — איך ווייס ניט צו זאל איך איסכילאס באוואונדערן צי זאל איך בעוואונדערן יענע עפאכע וועלכע האט געקאנט ענטוויקלען זאלכע דיכטער ווי איסכילאס, סאפאקלעס, איריפידעס א. ז. וו. עס איז ווירקליך א היסטארישעס פארברעכען, דאס דער נאכפאלגענדער פינסטערער, אסקעטישער און ספיריטועלער קריסטענטהום האט פערניכטעט די רענעסאנס פון אלטערטהום און דאס, וואס איז אונז פארבליבען און איז גערעטעט געווארען פון פערניכטונג דורך רעליגיעזען שייטער־הויפען, איז אונז דאפעלט טהייער — טהייער איז אונז פראמעטהעאוס אלס די פארקערפערונג פון אונזערע אידעאלען.

צולעצט, אויף קיין פאל זיך ניט אונטערווארפענדיג אונטער די אויטאריטעט פון זעאוס ערווארטעט ער מיט הערא'ישען מוטה די ראכע פון דעם טיראנישען גאט, וועלכער שליידערט אויף איהם זיינע דונערען און בליצען, און פראמעטהעאוס זינקט אריינטער צום אבגרונד, פארדאמט דורך די ראכע פון זעאוס, און זינקענדיג אין דער נאכט פון זיין פערדאמונג, זיפצט אויף דער טיטאן און רופט אויס צו די עלעמענטען פון דעם יוניווערז דעם בלוטיגען פארוואורף פון מארטירערטהום וואס הילכט נאך אימער־

פאָרט דורך די טויזענדע יאָהרען פון דער וועלט־געשיכטע, די סומע פון אַלע שמערצליכע געשרייען פון אַלע מענשליכע געמאַטערטע טיגאַנען — וועמענס וויינענדער עכאָ הילכט אָב צוריק פון די האַר־טע פעלזען — — — — — — — — — — — —

— זעהט ווי איך ליידע דיזע איננערעכ־טיגקייט! — שרייט אויס פּראָמעטהעאוס, און נעהט אונטער מיט דעם שטילען טרויסט און דעם בעוואוסטזיין פון זיין צוקינפ־טיגע דערלייזונג דורך הערא קלעס, וועלכער וועט עפענען פאַר איהם דעם טהויער פון פרייהייט דורך די פעראייניגונג, דורך דעם פריעדענס־בונד מיט דעם צאָרניגען גאָט. דיזער הערא ק־לעס איז דער סימבאָלישער בעגריף פון די זעהנזוכט פון דער מענשהייט, וועלכע זוכט זיך אַלץ מעהר צו ענטוויקלען, און העבער אַריפצושטייגען אויף דעם לייטער פון פאָלקאָמענהייט נעהענטער צו דעם גאָט אין דעם מענשען; מיט דעם בעוואוסטזיין פון זיין געטליכען טהייל פון זיין איך און מיט דאָס דערקענען פון דיזען איידעלען פונקט אין זיך אַליין איז דער פּראָבלעם פון די בלוטיגע וועלט־דראַמא געלייזט דאָס מענשלי־כע אין דעם אינדיווידואום האָט דאָס געטליכע אין זיך ענטדעקט, און זיך ווידער פעראייניגט האָט זיך די געפאַלענע מענשהייט ווידער דערהויבען אַלס גאָט־מענשען, אַלס עכטע פרייע טיטאַנען. דורך די זעהנזוכט צו די געטליכע פרייהייט, וואהר־הייט און איידעלקייט, האָט ער זיין איך געלייטערט און זיך בע־פרייט פון די שקלאַפען־מאָראַל (די קייטען פון פּראָמעטהעאוס) די האַרמאָניע פון דאָס מענשליכע מיט דאָס געטלי־כע איז געוועזען דער אידעאַל פון אַיסכילאָס.

נייע שטערנס זיינען אויפגעגאַנגען אין אַטהען, סאָפאָק־לעס און אוריפּידעס האָבען אָנגעפאַנגען שטייגען צו זייער טריאומף (454 בעפאָר קריסטוס), דער אַלטער אַיסכילאָס האָט גע־נומען אָבשייד צום דריטען און צום לעצטען מאָל פון זיין היים אין זיין פאַטערלאַנד און איז אַוועק ווייט איבער דעם ים. דאָרט אין דעם סיקילישען געלא איז ער געשטאָרבען (אין דעם יאָהר 456 בעפאָר קריסטוס) אַזוי ווי די לעגענדע דערצעהלט דורך אַ שילדקראָט, וועלכע אַ אָדלער האָט געלאָזט פאַלען אויף זיין קאָפּ,

אזוי איז ער ערפילט געוואָרען די פראָפעציייהונג פון דעם אָראַקעל
וועלכעס האָט איהם פאָראויסגעזאָגט: דאָס א שאָס פון הימעל
וועט איהם טויטען. אויף זיין קבר איז געוועזען אויפגעשריעבען:

א י ס כ י ל אָ ס רוהט דאָ, דער זוהן פון א י פ אָ ר י א ן, דעם
אַ ט ה ע נ ע ר,
וועלכער האָט אין די קאָרן־רייכע פעלדער פון ג ע ל א געפונען דעם טויט.
מ א ר א ט ה אָ נ ס הייליגטום רעדט נאָך פון די קראַפט פון דעם בע־
ריהמטען קעמפפער,
און נאָך פון איהר, דער יעניגער וועלכער האָט עס ערפאַהרען: מעדיענס
געלאָקטער זוהן

די בעריהמטהייט פון דעם טויטען איז געוועזען אַלס אַטהענער
ק ר י ע ג ס ־ ה ע ל ד, אונשטערבליך איז אָבער פאַר אונזער איס־
כילאָס דער בעריהמטער דיכטער פון די טראַגעדיען. וועלכער איז נע־
פאָהרען איבערן ים ווייט אַוועק פון זיין היים, אים די קולטור פון
אייראָפּא צו באַגליקען און מיט דעם אויף שפּעטערע צייטען די
וועלט מיט זיינע טראַגעדיען צו בעלייכטען.

ע ה ר ע ד ע ם ז ש ע נ י ו ם פ ו ן א י ס כ י ל אָ ס.

לעאָפּאָלד בערגמאַן.

ניו־יאָרק דעם 3־טען נאָוועמבער, 1912.

# דער געשמידעטער פּראָמעטהעאוס.

---

טראַגעדיע פון

אישכילאָס

---

צוערסט אויפגעפיהרט אין סיראַקיוז 475 יאָהר פאַר קריסטוס

---

## פּערזאָנען:

---

העפאיסטאָס, דער געטליכער שמיעד, זוהן פון זעאוס.

קראַטאָס (קראַפט)

ביאַ (געוואַלט),

זיינע געהילפען

אָקעיאַנאָס, דער גאָט פון׳ם ים.

די אָקעיאַנידען (צוויי רעדנערינס), זיינע טעכטער.

הע־מעס, דער געטער־שליח, זוהן פון זעאוס.

יאָ, די טאָכטער פון איגאַכאָס, געליעבטע פון זעאוס.

פּראָמעטהעאוס, דער טיטאַן, זוהן פון יאַפּעטאָס.

סצענע: פּוסטע פעלזען־געגענד ביים שוואַרצען ים.

(העפאיסטאָס, קראַטאָס און ביאָ פיהרען דעם געשמיעד־
טען פראָמעטהעאוס אונטער דעם פעלזען־אָבגרונד).

קראטאָס:

דער וויטסטער אָרט פון דער וועלט איז שוין דערגרייכט
די אונבעטרעטענע, פוסטע סקיטהען־ברעגעס*);
געדיינקט, העפאיסטאָס, אָן דעם פאָטער'ס וואָרט,
וועלכער האָט דיר באפוילען דיזען פארברעכער
מיט אונצוברעכליכע איינגע אייזען־קייטען
אויפ'ן שפיץ פון'ם פעלזען אָנצושמידען.
דען דיין בעריהמטע מאכט דעם טהייערן שטראהל פון'ם נעטליכען
פייער
האָט ער גערויבט און געבראכט צו די שטערבליכע מענשען.
די שטראָף אָבקומען מוז ער, פארשולדיגט צו די געטער
דאָס ער זאָל לערנען עהרען די געוואלטיגע מאכט פון זעאוס
און ניט מיט מענשען־ליעבע זיך מעהר אָבצוגעבען.

העפאיסטאָס:

גאָרנישט. הינדערט דיר קראַטאָס און ביאָ
דעם פאָטערס וואָרט גיך אויסצופיהרען,
מיר אָבער שרעקט עס דעם מיר זעהר נאָהנטען גאָט
אויפ'ן נאקעטען, קאלטען שטורם־פעלזען פעסט צו שמידען
דאָך מוטה געווינען מוז איך: דען זעאוס געבאָט
צו איבערטרעטען איז אַ שווערע טהאַט.

(צופראָמעטהעאוס)

דו קלוגער זוהן פון דער גערעכטער טהעמיס,
ווי בינד איך טרויעריג דיך, דעם טרויעריגען,
מיט שטארקע אייזען־קייטען אָן דעם פוסטען פלאץ,
דאָ, וואו דו וועסט ניט זעהן די מענשליכע וואנדערער

---

*) אַ לאַנדשאַפט אין גריכענלאַנד.

און ווערסט ניט הערען זייער דיר זעהר זיסע שפּראַך
די שאַרפע, גליהענדע זונען־שטראַהלען
ווערען די בליהונג פון דיין ליבּ פאַרצעהרען
זיס, וועט דיזען בראַנד די טונקעלע נאַכט דיר רויבען
דאָך שרעקליך איז דער פראָסט פון דעם פריה־מאָרגען,
און איינעם פּאָרט וועט זיך אין פליישׁ דיר שניידען דער צאָהן
פון ליידען: דיין בעפרייער לעבט נאָך ניט! —
דאָס איז די פרוכט פון דיין מענשען־ליעבע,
ווייל דו — אַ גאָט — אויפ'ן צאָרן פון די געטער ניט אַכטענד,
האָסט די שטערבליכע מענשען צו רייך באַשאָנקען!
פעסט אָנגעשמידעט, אָהן שלאָף מיט שטייפע קניע
מוזט דו דערפאַר דעם נאַקעטען פעלזען היטען
און יאָמערסט טויזענד זיפצען, טויזענד קלאָגען
אומזונסט אַרויף צום הימעל, יזאו דער גאָט
מיט הארטען זין זיין נייע הערשאַפט אויסאיבט.

קראַטאָס:

קען זיין! אָבער וואָס שטעהסט און קלאָגסט דו דאָ אומזונסט?
איז דיר דער גאָט־פערהאַסמער ניט פערהאַסט;
דער וועלכער האָט דיין מאַכט צו די מענשליכע פעלקער פעראטהען?

העפאיסטאָס:

געוואַלטיג איז די געבונדענשאַפט פון אייגען בלוט!

ביא:

דערפאַר גילט דיר דעם פאָטערס וואָרט אזוי פיעל?
פאַר דעם, מיין איך, האָסט דו באַדאַרפט זיך פאָרכטען! —

העפאיסטאָס: (מיט אבשיי)

יאָ, דו ביסט אַלעמאָל פרעך און רויה!

ביא:

איהם קענען דיינע טרעהרען דאָך ניט העלפען
וואָס טויג דאָס דיר? עס ברייננגט דיר ניט קיין נוצען.

העפאיסטאָס:

פאַרשילטען וואָלט איך דאָך מיין גאַנצע קונסט!

קראַטאָס:

וואָס באַליידיגסט דו איהר? איז דען אָן אל דאָס ליידען דאָ

דיין קונסט דען שולדיג?

ה ע פ א י ס ט אָ ס:

וואָלט איהר אַן אַנדערער געקראַגען געשאָנקען!

ק ר א ט אָ ס:

די הערשאפט קענט איהר געטער זיך ניט וועהלען;
ד ע ן פ ר י י א י ז ק י י נ ע ר, א ו י ס ע ר ז ע א ו ס א ל י י י ן.

ה ע פ א י ס ט אָ ס:

איך וויים עס און ווידערשפרעכען טאָר איך ניט.

ב י א:

דאַן געהם זיך צו דער אַרבייט, שמיעד איהם אָן די קייטען,
היט זיך דער פאָטער זאָל ניט זעהן דיין ציטערען!

ה ע פ א י ס ט אָ ס:

אָט זיינען זיי דאָך שוין דאָ, אָט ליעגען זיי צו דער האנד.

ק ר א ט אָ ס:

(מיט ביא צוזאַמען שלעפען זיי פּראָמעטהעאוס אויפ'ן מיטעלען פעלזען)

נעהם אין שליעם דעם רינג ארום זיין געלייגק;
דאן שמיעד דאָס אייזען פעסט צום פעלזען.

ה ע פ א י ס ט אָ ס: (לייגט אַרום דעם רינג ארום פּראָמעטהעאוס אָרם)

שוין אָהנע אויפהאַלט ווערט דאָס אויסגעפיהרט

ב י א:

ציה פעסטער, פעסטער, פארשנורעווע, לאָז ניט נאָך!
דער קלוגער קען אויך שטאַרקערע קייטען ברעכען

ה ע פ א י ס ט אָ ס:

נו האַלטען זיי אונצוברעכליך פעסט זיין אָרים.

ק ר א ט אָ ס:

דעם אַנדערען אויך! זאָל ער דאָך איינמאָל פיהלען
דאָס ער איז עטוואָס ווענינער קלוג ווי זעאוס!

ה ע פ א י ס ט אָ ס: (פאַרשמיעדט דעם לינקען אָרים)

מיט רעכט וועט ער אויף דיזע קייטען שעלטען.

ב י א:

שלאָג איהם דעם שאַרפען צאָהן פון דאָס שפּיצטע אייזען
מיט קראַפט אין מיטען דורך דער ברוסט אריין!

ה ע פ א י ס ט אָ ס:

אַך או זוועה! פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס, איבער דיינע ליידען וויין איך

ק ר א ט אָ ס:

דו פיהלסט נאָך מיטלייד? באוויינסט דעם פיינד פון ז ע א ו ס?

ב י א:

היט זיך, דאָס דו זאָלסט זיך ניט אליין באוויינען
דו זעהסט עס דאָך, דאָס שרעקליבע שוי׳ס שפּיעל...

ק ר א ט א ס:

נערעכטע שטראָף, זעה איך, טרעפט דעם שולדיגען.

ב י א: (צו ק ר א ט אָ ס)

מאַך ניכער, ווארף די קייטען איהם ארום די זייטען!

ה ע פ א י ס ט א ס:

עס איז נויטווענדיג, — וואָס באַפעהלסט דו נאָך?

ב י א:

באַפעהלען ווער איך, און נאָך שטארקער שרייען:
ארונטערשטייג און שליעס איהם פעסט די שיינקלען.

ה ע פ א י ס ט אָ ס:

(מיט קראַטאָס צוזאַמען אַרומלייגענדיג די קייטען ארום דעם קערפּער פון פּראָמעטהעאיס)

מיט ווייניג מיה האָבען מיר אונזער אייפגאבע אויסגעפיהרט.

ק ר א ט אָ ס: (צו העפּאיסטאָס)

די איננע אייזען־רינגען לייג איהם נאָך ארום.

ב י א:

ציה פעסט; דען דער געביעטער נעהמט עס זעהער שטרענג.

ה ע פ א י ס ט אָ ס (די פוס־רינגען פעסט שליסענדיג צו ביא):

אָי, ווי די צונג און אויסזעהן זיך צוזאמענפּאסען!

ב י א:

זיי דו נור אזוי ווייכליך, ווענען מיין הארטען כאראקטער
און פון ווענען מיין צאָרן זאָלסט דו מיר ניט שעלטען.

ה ע פ א י ס ט אָ ס (איבערוועלטיגט פון שמערצען):

מיר קענען שוין געהן! — ער ליעגט שוין פעסט געבונדען.

(אָב).

ק ר אַ ט אָ ס (צופּראַמעטעהוס):

נו פּראַהל זיך יעצט און רויב די געטער־מאַכט
און גיב עס אַוועק צו די איינטאַגס־מענשען!
וואָס קענען זיי פון דיינע ליידען נעהמען?

ב י א:

א ליגנער־מויל, וואָס דיך האָט „פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס“ גערופען!
דען „פ ע ר ז אָ ר ג ל י ך“ מיין פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס ביסט דו ניט
געווען:

און דערפאר בלייבט דיר יעצט דער גאנצער רעסט פון זאָרגען.

(ביידע אָב).

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס (אליין):

אָ הייליגער עטהער! לייכט זיך באַוועגענדער לופט־שטראם!
אונענדליכע כוואַליעס פון די ימים!
איהר שטראָמען־קוואַלען! מוטער ערד!
דו אַלעס זעהענדע אויג פון הימעל
דורך געטער לייד איך, א גאָט אליין, דיזע שמערצען
און מיינע ליידען, איינגעצעהלט אין יאָהרען
פערצעהרען שענדליך מיר געבונדענעם,
דאָס אַלעס אויסגעקלעהרט פונ׳ם יונגען הערשער.
וועה מיר! ווענגען טאָפּעלטע ליידען מוז איך קלאָגען
ניט אליין וואָס איך לייד — אויך ווענגען וואָס איך ערווארט נאָך,
איך זעה קיין ענדע ניט פון מיינע שמערצען
דאָך וואָס רייד איך? אַלעס וויים איך דאָך;
וואָס עס דאַרף קומען, וויים איך גוט גענוג;
ניט אונערוואַרטעט טרעפט מיר מיין בעשטימונג.
געדולדיג מוז איך אַלעס אויף זיך טראָגען:
ב ז י ע ג ע ן ק ע ן מ ע ן נ י ט ד י מ א כ ט פ ו ן מ ו ז.
דאָך זאָל איך שווייגען? אך, און שוויינ איך ניט,
ווי זאָל איך עס אָנרופען? דערפאר ווייל איך האָב
די מענשהייט באגליקט — בין איך פערדאמט!
ווייל איך האָב זיי דאָס געטליכע פייער געבראכט
מיט וואָס זיי האָבען געמאַכט פיעל קינסטליכע ארבייט
אויף אַלע געביעטען, דאָס איז מיין פאַרברעכען

פאַר וואָס איך בין ווערט צום פעלז אָנצושמיעדען.
אָך וועה, וועה, וועה! — — וואָס פאַר א גערויש?
אונבעקאַנטעס שוועבט צו מיר פון דעם עטהער!
איז עס געטליך? שטערבליך? האָט עס איןביידען א טהייל?
ווער נעהענטערט זיך דאָ צו מיר אין דיזער איינזאַמקייט?
א עדות פון מיינע ליידען? אָדער וואָס? —
יא, זעהט אין קייטען מיר דעם געהאַסטען גאָט,
דער וואָס פארדיענט דעם צאָרן פון זעאוס און אַלע געטער
ווייל ער איז געווען א טרייער פריינד צו מענשען!
אַי וועה! וואָס הער איך ווידער? — דאָס גערויש —
איך הער ווי די לופט זיפצעט אזוי
ווי פון לייכטע פליגלען געטראָפען —
וואָס מיר זאָל דאָ ערשיינען,
עס איז מיר שרעקליך! —
(די אָקעיאַנידען ערשיינען איינע נאָך די אַנדערע אין דער הויכקייט)
ערשטע אָקעיאַנידע:
פאַרכט זיך ניט! אַלס פריינדע ערשיינען מיר
צו דיר אויף דיין פעלזען, דורך די שטורמדיגע טענער
פון אונזער פאָטערס שפּראַך, דאָס רוישען פון די ימים, איז דער
נאָך שטאַרקערער, דונערנדער קלאַנג פון די שמיעד־האמערן
אין אונזערע הוילען געדרונגען, פאַריאָגט האָט ער
אונזער שעמעוודיגקייט, מיר זיינען גליך אין דעם געפליגעלטען וואָגען
געשטויגען, און גיכע לופט־כוואַליעס האָבען אונז צו דיר אַראָב געטראָגען.
(זיי קומען פון דער הויכקייט אין דעם פאָדערגרונד).
אַך דו ארויסגעשפּראָצטער צווייג פון דער קינדער־רייכער
טהעטיס —
איהר טעכטער פון אָקיעאנאָס, וועלכער האָט אַל דאָס לאַנד
מיט זיין קיינמאָל מיעדען שטראָם אַרומגערינגעלט!
זעהט, אין וואָס פאר א קייטען איינגעשמיעדט
אויף דיזען הויכען שפּיץ פון די פעלזען
מוז איך האַלטען דיזע אונגליקליכע וואך.

ע ר ש ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע :
איך זעה עס פּראמעטהעאוס, און עס שטייגען
אין מיינע אויגען טרעהרען־וואָלקען ארויף
ווען איך זעה  דיר אין אייזען געשמיעדט, אזוי צו שמאַכטען
אויף דיזער פעלזען וואנד — יא נייע הערריען זיצען
אין דעם אָלימפּ ביים רודער; אונגערעכט אורטיילט
נאָך נייע געזעצען זעאוס, און די עהרווירדיגע
אוראַלטע־געזעצען פון די טיטאַנען לעשט ער אויס.
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
וואָלט ער מיר דאָך אין דעם שויס פון דער ערד
טיעף אין האדעס שאָטען־רייכער הויז פּערזונקען
און וואָלט מיר אין דעם אונבעגרענצטען טארטאראָס ארייננגעשליי־
דערט
אין זאָלך א אונדרינגליכען פינסטערן אָבגרונד,
דאָס מיר קיין גאָט, און קיינער זאָל ניט זעהן
און פרעהען זיך! איך אָבער, איך אונגליקליכער, היינג דאָ
א לופטיגער צוויבער־שפּיעל פאר די לוסט פון מיינע פיינד!
ע ר ש ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע :
ווער פון די געטער האָט אַזאַ הארטע הארץ,
דאָס ער זאָל זיך קענען פרעהען? ווער האָט ניט
מיטלייד מיט דיינע ליידען? נ ו ר  ז ע א ו ס,
ער האלט מיט א הארטען געדאנק און מיט צאָרן
דאָס געשלעכט פון  א ו ר א נ אָ ס  געבונדען
און וועט געוויס קיינמאָל ניט ענדיגען — ביז ער ווערט
ניט האָבען געזעטיגט זיין הארץ — אָדער אירגענד ווער
וועט די שווערע הערשאפט פון איהם מיט קלוגשאפט אוועקנעהמען.
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס  (האַלב פאַר זיך):
ער וועט אמאָל מיר דאָך נאָך נאָך נויטיג האָבען,
דער האר פון די געטער — אָבגלייך ער מיר יעצט
האָט פארשטויסען און אין קייטען געוואָרפען — דאָס איך זאָל איהם
זאָגען
ווער עס וועט איהם דעם סצעפּטער פון מאַכט אוועקרויבען
דאן וועט ער מיט האָניג־זיסע ווערטער

גענוג מיר שמייכלעריש זינגען,
ביז וואן ער וועט מיר ניט פון די קייטען דערלייזען
און וועט מיר ניט האָבען גענוג פארגאָלטען פאר מיינע שמערצען
ערוואַרט ער פון מיר די פראָפעציייהונג געוויס ניט צו הערען.

ערשטע אָקעיאנידע (פארשראָקען):

בענדיג דיין שטאָלץ און לעהרען א גוטען ראטה
פון דיינע שמערצען! — צו וואָס אזא שטאָלצע שפראך?
עס דרינגט א טיעפער שרעק מיר אין מיין הארצען,
די שרעק וועגען דיין שיקזאל, ווען ענדליך דאָך
וועסט דו דעם פאָרט פון דיינע ליידען זעהן?!
קיין בעטען העלפט ניט צום קראָנידען
דו קענסט דאָך גוט זיין הארטע הארץ.

פראָמעטהעאוס:

איך וויים ער איז א הארטער גאָט און האלט
דאָס רעכט געפאנגען, דענאָך וועט זיין זין,
נאָך א הארטען שטוים, געוויס וויך ווערען!
דאן וועט ער זיין אַלטען צאָרן פערגעסען,
און מיט ליעבע און פריינדשאפט לויפט ער דאן
פול מיט זעהנזוכט צו מיר דעם זעהנזיכטיגען ווידער צוריק.

איין אנדערע אָקעיאנידע:

זאָג אונז, ערקלעהר אונז אַלעם גאנץ גענוי!
פאר וועלכע שולד האָט זעאוס דיך פערדאמט
צו זאָלך איין הארטער, שרעקליכער שטראָף? רעד,
ערקלעהר אונז ווען עס דיר קיין שמערצען פערשאפט!

פראָמעטהעאוס:

אָבגלייך עס טהוט מיר וועה דערפון צו רעדען —
טהוט עס מיר וועה עס צו פערשווייגען — אַלעס שמערצט מיר! —
ווען עס האָבען זיך די געטער שטארק צוקריגט,
מיט ביטערן כעס האָט אויפגעפלאמט דער שטרייט —
די איינע האָבען געוואָלט קראָנאָס ארונטערוואַרפען,
און זעאוס אויפהויבען צום טהראָן, די אנדערע אָבער
זיינען געווען געגען זיין הערשאפט איבער די געטער.
צום אונגליק האָבען די טיטאנען, פון אוראנאָס,

די קינדער פון דער ערד ניט אָנגענומען מיין ראטה ;
פארוואָרפען האָבען זיי די פיינע קונסט, און זיי האָבען
געגלויבט דורך קראַפט, ליכט דעם זיעג צו געווינען.
מיר אָבער, מעהר ווי איינמאָל, האָט טהעמיס גאיא,
מיין מוטער, וועלכע איז רייך אין נעמען, די צוקונפט
פאָרויסגעזאָגט, ווי עס וועט זיך ענדיגען :
ניט דורך געוואַלט און שטארקייט, נור דורך קלוגשאפט
קענען זיך די זיעגער זייער הערשאפט פערזיכערן.
איבערגעגעבען האָב איך דיזען ראטה צו זיי מיט מיינע ווערטער ;
זיי האָבען זיך קוים מיט א בליק צו מיר געווענד'ט
דאָ האָט עס געשיינט צו זיין פאר מיר דאָס בעסטע,
פאָלגענדיג דעם ראטה פון מיין מוטער, אלס גענאָסע
פרעהליך דעם פרעהליכען גאָט בייצושטעהן.
אזוי ווי מיין ראטה, האָט באגראָבען דער טארטאראָס
דעם אַלטען קראָנאָס מיט זיינע קאמפסגענאָסען.
און פאר דאָס פון מיר גענאָסענע, האָט מיר דער טיראן פון די געטער
דאן בעלויהנט מיט דיזע שווערע שטראָף, פארשטעהט זיך,
דען דאָס איז די קראנקהייט פון טיראַנען־הערשאפט ;
דאָס די איינענע פריינד קען זי אויך ניט פערטרויען !
און ווער עס פרעגט מיר נאָך, פאר וועלכע שולד ער האָט
מיר פאַרדאָרבען, דעמיעניגען ־וויל איך אויך דאָס ערקלעהרען :
קוים האָט ער דעם פאָטער טראָהן באשטיעגען
האָט ער פארטהיילט זאָ פאָרט צו יעדען גאָט א עהרען־פאָסטען
און האָט זיך איינגעריכטעט זיין הערשאפט ; די אָרימע מענשען אָבער
האָט ער גאָרנישט בעדאכט, דען דאָס מענשליכע געשלעכט
האָט ער געוואָלט אין גאַנצען אויסראָטען און א נייע בעשאפען ;
און קיינער איז ניט געווען דאַגעגען, אויסער מיר.
איך האָב דאָס געזאָגט ; איך בין געווען דער מענשהייט־רעטער

דאָס זי איז ניט צושטערט און ניט פערזונקען געוואָרען אין

ה א ד ע ס

טרויעריג צו טראָגען, יאָמערליך צו זעהן!
דערפאר לייד איך יעצט די שמערצליכע לאַסט פון די קייטען
ווייל איך האָב מיט די מענשהייט מיטלייד געהאַט
האָב איך דאָך אַליין דאָס מיטלייד ניט פערדיענט!
אזוי גרויזאַם מיסהאַנדעלט, ווירקליך אַ טרויעריגעס
שוישפיעל, אזוי ליעג איך דאָ פאר זעאוס.

ע ר ש ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:

פון שטיין און אייזען איז זיין זין געשאַפען,
ווייל ער דיינע ליידען, פראָמעטהעאוס, טיעף
ניט מיט דיר פיהלט, איך האָב קיינמאָל ניט געטראַכט
דאָס אַלעס צו זעהן, און זעהענדיג דאָס ברעכט מיר מיין הארץ.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

אַך, יאָ, פאר מיינע פריינד בין איך נאָך אַ יאָמער!

צ ו ו י י ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:

דערצעהל זשע ווייטער, דו האָסט דאָך נאָך ניט פארענדיגט.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

איך האָב פערשלאָסען דעם בליק פון די מענשען אין זייער שיקזאַל.

צ ו ו י י ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:

און וואָס פאר אַ מיטעל האָסט דו דערצו אויסגעפונען?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

די בלינדע האָפנונג האָב איך אין זיי איינגעפלאַנצט.

ע ר ש ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:

מיט דעם האָסט דו ווירקליך די מענשהייט בעגליקט!

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

דאַן אויך דעם פלאַם האָב איך זיי מיטגעטהיילט.

צ ו ו י י ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:

היטען זיי אַלע מאָל די גליהונג פונ'ם פייער?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

און פיעל קונסט לעהרנען זיי פונדעם,

צ ו ו י י ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:

פאר זאָלכע פארברעכען האָט דיך זעאוס געשטראָפט?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

מיט זאָלך איין שמאך — און לאָזט מיר קיינמאָל פריי.

צ ו ו י י ט ע אָ ק ע י א נ י ד ע :

זעהסט דו קיין ענד פאר דיינע ליידען?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

קיין ענד און ציעל! ווען עס יענעם ניט געפעלט.

ע ר ש ט ע אָ ק ע י א נ י ד ע :

ווען עס איהם געפעלט? ווי האָפסט דו? ווייסט דו ניט,
דאָס דו האָסט געפעהלט? דאָך זאָגען ווי דו האָסט געפעהלט:
מאכט מיר קיין פרייד און דיר ברייננגט עס גור שמערצען,
דערפאר לאָז איך עס רוהען, דאָך זוך איך דיין בעפרייאונג!...

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

ל י י כ ט ק ע ן ד ע ר, ו ו ע מ ע ס פ ו ס א י ז פ ר י י
פ ו נ ׳ ם נ ע ץ
ד ע ם ג ע ב ו נ ד ע נ ע ם ר א ט ה ע ן א ו ן ל ע ה ר נ ע ן
מיר איז דאָס אַלעס שוין געווען בעוואוסט,
מיט ווילענס האָב איך דאָס פערברעכען געטהאָן איך לייקען דאָס
ניט;
דעם מענשען העלפענדיג האָב איך מיר פארשאפט די נויט.
אזוי אָבער האָב איך דאָך קיינמאָל געטראכט
באשטראָפט צו ווערען, דאָ אויפ׳ן איינזאמען פעלזען,
אויפ׳ן נאקעטען שטיין צו שמאכטען!
הערט אויף צו יאָמערן, קומט ענהענטער צו
און הערט זיך איין אום די צוקונפטיגע
שרעקליכע בעשטימונגען צו בעגרייפען.
טהוט דאָס מיר, טהוט דאָס מיר צוליעב, זייט מיר גענאָסען
אין מיינע שרעקליכע ליידען! א ז ו י צ י ה ט
ד אָ ס א ו נ ג ל י ק ב ל אָ נ ד ז ש ע נ ד י נ ג פ ו ן ב ר ו ס ט
צ ו ב ר ו ס ט.

צ ו ו י י ט ע אָ ק ע י א נ י ד ע :

ווען מיר זיינען פון פליגעל־וואָגען ארוים געשטיגען
וועלכער האָט אונז דורך דעם לופט וועג פון די פויגעל געטראָגען,
און האָבען דיזע פעלזען־געגענד באטראָכטען, דאן זיינען מיר

בערייט געוועז, ריין גאַנצען שיקזאַל, אָרימער, מיטצופיהלען,
און ווען דו רופסט זיינען מיר פאר דיר בערייט.

אָ ק ע י א נ אָ ס (טרעט אויף ראש אין פאָרדערגרונד):
דאָ בין איך שוין צום ציעל נאך אזא ווייטע פאָהרט!
צו דיר פּראָמעטהעאוס, האָט מיר געטראָגען
מיין ווינק געהאָרכענד, מיין געפליגעלטעס פערד;
דען שמערצליך פיהל איך דיין שרעקליכען שיקזאל,
אזוי טרייבט מיר, דיינק איך, די פליכט
פון אייגען בלוט, דאך אויסער דעם
לעבט ניט פאר מיר קיין טהייערסטערער ווי דו.
און דאָס זאָלסט דו וויסען; אייטעל געפלוידער
איז ניט פאר מיר, אלזאָ זאָג מיר גיך
אויף וועלכער ארט איך קען דיר דיענען;
און זאָגען וועסט דו דאָס פון אלע פריינד
איז אָ ק ע י א נ אָ ס דיר, אלס בעסטער געבליעבען.

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:
ווי? דו קומסט אויך אלס עדות פון מיין וועה?
דו וואגסט עס? דיינע וואסערן, די פעלזען־גראָטען,
די זעלבסט־געוועלבטע, האָסט דו פערלאָזען,
און קומסט צו דעם אייזענס מוטערליכע ערד
צו זעהן מיין אונגליק, און מיין יאָמער מיט
צו בעקלאָגען? זעה זיך אָן דאָס בילד!
ד ע ר פ ר י י נ ד פ ו ן ז ע א ו ס, וועלכער האָט איהם צו
זיין הערשאפט פערהאָלפען
צו זאָלך איין שרעקליכעס ליידען האָט ער איהם פערוואָרפען.

אָ ק ע י א נ אָ ס:
איך זעה עס, פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס; יא איך וויל
דיר פיעל־געניעטען נאך צום בעסטען ראטהען:
ע ר ק ע ן ז י ך ז ע ל ב ס ט, פאָרענדער דיין זין, דען
עס הערשט דאך א נייער האר;
און זאָלכע שארפגעשפיצטע ווערטער, פריינד
ווי דו עס שליידערסט, הערט ער צו באלד
אָבגלייך ער אין די העכסטע הויכקייט טהראָנט,

און דיזע שווערע שמערצען וואָס דו טראָגסט
וועט דיר נאָך דאן אַלס קינדערשער וויטץ ערשיינען,
דערפאר, אונגליקליכער, האַלט איין דיין גרימצאָרן
און רעטונג זוך פון דיינע ליידען!
איך רעד טאַקע צו דיר פון וואָס אַ יעדער וייס
דאָך טרעפט זיך דאָס, פּראָמעטהעאוס פון דאָס ניי
ביי זאָלכע שטאָלצע צונגען ווי דער:
דיין עלענד איז דיר ניט גענוג, דו קענסט זיך ניט
צו פּאַסען צו דיין שיקזאַל — און פּארמעהרסט עס זיך!
אָ וואָלסט דו געפאָלגט מיין ראטה!
ניט שלאָג אויף דאָס וואָס שטעכט דיר, ווען דו זעהסט
ווי געוואַלטיג שטרענג א אונבעשרענקטער הערשער הערשט!
וואָס איך פערמאָג, דאָס טהו איך, איך ווער געהן און זוכען
ווי דיר צו קענען לינדערן דיין שמערץ;
דו אָבער ווער שטיל און לעסטער ניט!
וואָס? זעהסט דו קלוגער דען ניט קלאָהר גענוג,
ווי דאָס בלינדע רעדען ברייננגט דיר שווערע שטראָף?
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:
גליקליכער, וועלכער געהט אָהנע שטראָף אַזוי פריי ארום
און וואגסט עס נאָך מיט מיר אין פריינדשאפטס־בונד!
נו אָבער לאָז זיך אָב פון דעם און זאָרג ניט,
דו קענסט איהם דאָך געוויס ניט איבערעדען;
ער איז אַ איינגעשפּארטער קאָפּ! זעה נור צו,
דו זאָלסט זיך ניט מיט דיעזען גאַנג אַליין שאָדען טהאָן.
אָ ק ע י א נ אָ ס:
פיעל בעסער דיינקסט דו אַלץ פאר אַנדערע
און ניט פאר זיך אַליין: דאָס מערק איך אין דער טהאַט!
און האַלט מיר ניט אָב פון דאָס וואָס איך נעהם זיך אונטער;
איך האָף, איך האָף אויף די גנאַדע פון ז ע א ו ס,
דאָס איך זאָל דיר קענען פון די שווערע קייטען באפרייען.
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:
דער גוטער ווילען פעהלט דיר ניט, דערפאר עהר איך דיר
און וועל דיר אימער פּאַרעהרן, אָבער יעצט

בעמיה זיך ניט אומזונסט, מיר,
ווי גערן דו וואָלסט, קענסט דו דאָך ניט העלפען;
דערפאר זיי רוהיג און האלט זיך פריי,
דען קיינמאָל וואָלט איך געוואָלט, ווייל איך לייד אליין,
דאָס אנדערן זאָל אזא מין אונגליק טרעפען.
איך לייד שוין געגוג פון דעם גורל פון אטלאס
מיין ברודער, וועלכער ווייט אין מעריב שטעהענדיג
מוז טראגען אויף זיך די שווערע לאסט,
די זיילען פון הימעל און ערד,
אויך טהוט מיר וועה וועגען די ליידען פון טיפאָן
וועלכער אין קליקיענס הוילען האָט געוואָהנט
אלס שרעקליכעס וואונדער, דיזער זוהן פון דער ערד
פלעגט מיט זיין הונדערפאכען קאָפּ די שטארקסטע געוואלט
בעזיעגען, מיט זיינעווילדע ציינער קריצענד פלעגט ער
אלע געטער ווידערשטעהן, עס האָט געצוקט
פון זיינע אויגען א שרעקליכער גלאנץ,
ער האָט געוואָלט דעם טיראנען־טהראָן פון הי־
מעל שליידערן
דאָ האָט דער זעאוס איהם מיט זיין דוננער און בליץ
געטראָפען ביז'ן הארצען און איהם ארייגגעשליידערט
טיעף אין דרערד, און יעצט ליעגט ער אָהן קראפט
אויסגעשטרעקט ביים ברעג וואו זיך די ימים טרעפען
טיעף אין דעם וואָרצעל פון דער עטנא פארזונקען,
און אויבען אויף דעם שפיץ שווינגט העפאיסטאָס
זיין שווערן האמער, דאָרט, וואו עס ועט דער גליהענדער
שטראָם אויסברעכען און מיט שארפען צאָהן וועט עס
די שעהנע פעלדער פון סיציליען פערצעהרען *)
דאָס איז דער הייסער גרימצאָרן פון ווילדען טיפאָן
וועלכער ברעכט זיך דורך אלס אונאויסלעשליכער פייער שטראָם
אלס אויסברוך פון שרעקליכען בראנד, אָבגלייך
ער אליין אין שוין פערברענט געוואָרען פון דעם געטער־שטראהל,

*) דער אויסברוך פון דער עטנא 479 אָדער 478 בעפאר קריסטוס.

דאָך דו ביזט דאָך ניט אזוי דום, וואָס ברויכסט דו
מיין לעהרע, העלף דיר, ווי דו ווייסט ;
איך ווער מיין שיקזאל אזוי לאַנג טראָגען
ביז עס וועט זיך דער צאָרן פון גאָט אָבקיהלען.

אָקעיאנאָס:

און ווייסט דו ניט, פּראָמעטהעאוס, דאָס דער צאָרן
וועט דורך א גוטען וואָרט אמבעסטען געהיילט ?

פּראָמעטהעאוס:

ווען מען צור רעכטער צייט די הארץ דערווייכט,
און ניט מיט געוואלט די פלאמען לעשט.

אָקעיאנאָס:

דאָך איין פערזוך פון דיינט וועגען נור צו וואגען
זאָג מיר, וואָס קען עס שאדען ?

פּראָמעטהעאוס:

דאָס די מיה
איז אומזונסט, און הארצליכע גוטסקייט איז נאריש !

אָקעיאנאָס:

לאָז מיר מיט דיזער קראַנקהייט קריינקען, עס נוצט
דעם קלוגען ניט זיך אלס צו־קלוג ארויסצוצייגען.

פּראָמעטהעאוס:

איך דיזע געוואגטע האנדלונג וואָלט פאלען אויף מיין קאָפּ !

אָקעיאנאָס:

אזוי שיקט מיר דיין וואָרט דען ווירקליך אין דער היים ?

פּראָמעטהעאוס:

דאָס דו זאָלסט ניט דורך דיין מיטלייד דארפען ליידען...

אָקעיאנאָס:

יא, געוואלטיג שטרענג איז דער נייער הארר אויפ'ן טהראָן !

פּראָמעטהעאוס:

יא, היט זיך דאָס דו זאָלסט איהם ניט אריינברייננגען אין צאָרן !

אָקעיאנאָס:

דיין לייד, פּראָמעטהעאוס, קען מיר זיין א לעהרער.

פּראָמעטהעאוס:

געה, געה דען, גיכער, היט דיר דיזען געראנק !

אָקעיאנאָס:

בערייט בין איך דיין וואָרט צו אכטען; און באַלד
שווינג איך זיך דורך דעם עטהערס ווייטקייט
מיט מיין געפליגעלטען פערד, וועלכער איז פול מיט לוסט
און פליהט צום היימאַטליכען שטאַל זיך אויסצורוהען.
(אָקעיאנאָס קעהרט זיך אָב צו דער זייט און פערשווינדעט צווישען די פעלזען).

ערשטע אָקעיאנידע:

ווי יאָמערליך דיין שרעקליך גורל, פראָמעטהעאוס!
אויך איך האָב פארצייטען געזעהן די פיין פון געטטער,
געזעהן דעם גרויסען אטלאס אונטער די ביטערע לאַסט
קרעכצענדיג, און מיט אונגעהייערע קראַפט
דעם הימעלס־געוועלב אויף די שולטערען טראגען.
דאָס ברויזען פון ים קלאָגט מיט, עס קרעכצט
דער אָבגרונד, די טיעפע שווארצע הויל פון האָדעס
ברומט אויף, אין אַלע הייליגע שטראָם־קוואַלען
וויינען פול מיט מיטלייד וועגען זיין שמערץ. — אזוי נעצט
דער שטראָם פון טרעהרען אונזערע געזיכטער;
יא קאָלכיס יונגע פרויען אזוי ווילד אין שלאכט,
דאָס סקיטהען־פאָלק וועלכע געפינען זיך
ביים ווייטסטען ברעג פון דער וועלט, ביים ים מאיאָטיס
און אַלעס וואָס געפינט זיך אויפ׳ן הייליגען גרונד פון אזיא.
דאָס בליהענדע מענליכע געשלעכט פון אראביען
און יענע קריגס־העלדען מיט זייער שפּיזען־קלאנג,
וועלכע בעוואכען די פעלזען־פעסטונג ביים קאוקאזאָס —
טרויערן, וויל זעאוס, וועלכער איבער זייערע אַלטע געטער יעצט
מיט גלאַנץ דעם הערשער־שפּיז טהוט שווינגען,
האָט אזוי שרעקליך מיט זיין אייגען רעכט, דיר אזוי שווער גע־טראָפען:
און די מענשהייט טראָגט דיין טרויער־שיקזאַל מיט, דיר

פראָמעטהעאוס:

(נאָך אַ פויזע פון טראַכטענדער אבוועזענהייט.)

גלויבט ניט דאָס איך, אויסווייכליכקייט אָדער עקשנות
בין פערשטומט; נור איין געדאַנק פרעסט מיין האַרץ:
ווי אַזוי איך זעה מיר יעצט געמאַרטערט:
און וועד רען אַנדערס האָט די נייע געטער
די מאַכט געגעבען, אויב ניט איך אַליין?
דאָך דערפון שוויג איך; גאָרנישט וואָלט איך אייך
געקאָנט דערצעהלען וואָס איהר ווייסט ניט אַליין.
ניין, הערט צו איבער דאָס גרויסע אונגליק פון די שטערבליכע,
ווי איך האָב זיי די אונוויסענדע קלוג געמאַכט
און זייער גייסט פון שלאָף האָב אויפגעוועקט
איך האָב ניט די מענשען עטוואָס פאָרצוואַוואָרפען
נור מיין ליעבשאַפט צו זיי וויל איך אייך צייגען,
זיי זיינען בלינדע געוועזן מיט אָפענע אויגען
און אויב זיי האָבען געהערט האָבען זיי ניט בעגריפען;
ווי טרוים־בילדער עהנליך פלעגען זיי פריהער
אַלעס אונרעגעלמעסיג צוזאַמענמישען:
דער שעהנער זוניגער שטיינערנער געבוי,
די קונסט פון בויען איז געוועזן זיי פרעמד, אין הוילען
פאַרגראָבען האָבען זיי געוואָהנט, ווי ווינציגע
גראַשקעס, און האָבען ניט געוואוסט פאַר'ן ווינטער,
פאַר'ן בלומיגען פריהלינג און פאַר'ן פרוכטבאַרען זומען ווי
מיט אַ פעסטען צייכען די צייט צו בעשטימען. אָהן געדאַנקען
איז געוועזן זייער שאַפען, ביז איך האָב זיי עס געוויזען
ווי די שטערען אויף און אונטערגעהען,
און אויך די הויכע וויסענשאַפט פון צאָהלען,
דעם געברויך פון שריפט, אַך דאָס געדעכטניס
די מוטער פון די מוזען, האָב איך זיי געגעבען.
אויך איינגעשפאַנט אין יאָך פאַר זייער דיענסט האָב איך
די ערשטע חיות, דאָס זייערע לייבער זאָלען טהיילען
זייער שווערע מיה און די פרייע פערד
האָב איך געשפאַנט פאַר זייערע וואָגענס.
יאָ שטאָלצעס בילד פון רייכער פרוכטבאַרקייט,
און אויך דעם שיפפערס ימים־דורך־פליהענדעס

פון לינען־זעגעל געטריעבענעם שיף האָב זאיך געבויט,
האָך איך דער וועלכער האָט זאָלכע קונסט פאַר די מענשען
אויסגעפינדען, ווייס פאַר מיר אליין ניט קיין ראטה ווי
זיך אוים דיזען צוואנג פון ליידען צו בעפרייען.

ע ר ש ט ע   אָ ק ע י א נ י ד ע :

צו אלע דיינע ליידען בלאָנדזשעט דיין  ג י י ס ט  ארום
אָהן ראטה, אזוי ווי דער שלעכטער דאָקטאָר וועלכער
קען ניט געפינען דאָס מיטעל
אום מיט דעם דיר צו היילען.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

אָ הערט נאָך ווייטער און איהר זאָלט נאָך מעהר
ערשטוינען, וואָס פאַר אַ קונסטעז און וועגען איך האָב געפונען ! —
ווען איינעם האָט געטראָפען אַ קראנקהייט,
איז ניט געוועזן קיין מיטעל, קיין רפואה
קיין דייל־געטראנק אָדער זאלב, קיינע הילף איבערהויפט,
צום טויט האָבען זיי פאַרוועלקט, ביז איך האָב זיי געוויעזען
ווי לינדערנע הייל־געטראנקען צו מישען,
פון וואָס די קראנקהייט אנטלויפט — איך האָב זיי נעגעבען
די לעהרע און דעם געברויך פון פראָפעטען־קונסט,
פון טרוים אויסצוטייטען די שטימע פון שיקזאל, די פערשלייערטע
צוקונפט.
און די צייכענס פון וועגען האָבען זיי געלערנט פאַרשטעהן
פון דאָס פליהען פון די פויגעל מיט קרומע קלויען.
האָב איך זיי דייטליך געוויזען וואָס די רעכטע באדייטען
און וואָס די לינקע, און אלע זייערע מנהגים אין זייער
פריינדשאפט, פיינדשאפט און געזעלשאפטליכקייט ;
איך האָב זיי געלערנט צו דערקענען די ווייכקייט און די פארב
פון די געדערים, ווי עס די געטער גלייכען,
די וועקסעלנדע געשטאלט פון גאל און לעבער,
דעם בראנד פון די פעטע שענקעל־שטיקער
און די ברייטע רוקענס — אלעס פון דיזער שווערע קונסט
האָב איך די מענשען געוויזען און די געהיימע צייכענס
פון דעם אָפּפער־פלאַם. האָב איך זיי געלערנט,

אזוי האָב איך געווירקט. און דאָס וואָס איז אין דעם שויס
פון דער ערד פערבאָרגען, די אוצרות פון דער מענשהייט,
די מעטאַלען — אייזען, גאָלד און זילבער — קען זיך איינער
בּאַריהמען

דאָס פריהער צו האָבען אויסגעפונען, ווי איך? ניין!
קיינער, וועלכער וויל זיך פראַהלען מיט ליגענס,
קורץ, אַלעס וויל איך זאָגען מיט איין וואָרט:
די קונסט און וויסענשאַפט פון די מענשהייט איז פון פּראָמעטהעאוס
געשאַפען

ע ר ש ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:
לאָז זיך אָב פון דיין איבער־רייכע ליעבע צו דער מענשהייט!
וועגען דיינע אייגענע ליידען זאָלסט דו טראַכטען;
און האָפען וואָלט איך געקאָנט, ווען דו וואָלסט פריי געווען פון דיזע
קייטען,

וואָלסט דו געווים געהאַט אַ מאַכט ווי  ז ע א ו ס.
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:
דאָס האָט די  מ אָ י ר א,  די וועלכע לייַנקט דאָס שיקזאַל,
נאָך ניט געוואָלט, ביז דיזע קייטען ווערען צושפּרינגען
ווער איך נאָך ליידען טויזענד פאַכע שמערצען — נ ו י ט ו ו ע נ־
ד י ג ק י י ט,

ו ו י  מ א כ ט ל אָ ז  א י ז  ד י  ק ל ו ג ה י י ט  ג ע ג ע ן  ד י ר!
צ ו ו י י ט ע  אָ ק ע י א נ י ד ע:
ווער פיהרט דעם שטייער פון דער נויטווענדיגקייט?
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:
פון ד י  מ אָ י ר ע ן  ד ר י י און די ראַכע נעהמענדע  ע ר י נ י ע ן.
צ ו ו י י ט ע  אָ ק י א נ י ד ע:
און  ז ע א ו ס  איז ניט מעכטיגער פאַר זיי?
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:
פון זיין שיקזאַל קען ער אויך ניט אַנטלויפען.
ע ר ש ט ע  אָ ק י א נ י ד ע:
און איז ניט אייביגע הערשאַפט זיין בעשטימונג?
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:
דאָס טאָרסט דו ניט וויסען; פרעג ניט.

צ ו ו י י ט ע  אָ ק י א נ י ד ע :

וואָס גאָר א געהיימנים מוז דאָס בלייבען ?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

פון וואָס אנדערס רעד ! דען פון דעם צו רעדען
איז נאָך ניט די צייט ; פארשווייגען מוז איך דאָס
ווי פיעל נור מעגליך, נור ווען דאָס איז פארבאָרגען,
קען איך זיך רעטען פון שמאך און פיין.

ע ר ש ט ע  אָ ק י א נ י ד ע :

קיינאָמל זאָל מיין געדאנק זיין געגען די מאכט פון  ז ע א ו ס
דעם באהערשער פון אַלעס.
און איך וועל ניט פערזאמען ביים אָפּפערן פון היילינגען אָקס צו די נעטער,
זיך צו נעהנטערן מיט געבעט, דאָרט וואו דער אייביגער קוואל פון פאָטער רינט —
מיר זיינען זיי פרעמד די שווערע לעסטערנדע ווערטער
נור איינס בלייבט מיר און וועט ניט פארשווינדען :
ג ל י ק ל י ך  א י ז  ד ע ר  י ע נ י ג ע ר,  ו ו ע ל כ ע ר  א ו י ף
ד ע ם  ו ו ע ג  פ ו ן  ל ע ב ע ן,  פ ר ע ה ל י ך
ו ו א נ ד ע ר ט  מ י ט  ה אָ פ נ ו נ ג :  פרעהליכקייט דערקוויקט
דאָס הארץ פון דעם האָפּענדען, דאָך ווען איך זעהר דיר
פון טויזענדער פאכען שמערץ געמאַרטערט,
דאן ציטער איך,  א  פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס,  ווי דו מיט עקשנות
דעם מעכטינגסטען פון די געטער  פ ע ר א כ ט ע ן  ווילסט
אום זיך צו פרעהען מיט דיין  מ ע נ ש ע ן - ל י ע ב ע.

צ ו ו י י ט ע  אָ ק י א נ י ד ע :

די אונגליקליכע ליעבע ! — זעהסט דו ניט,
ווי דאָס אין טרוים פארזונקענע געשלעכט
אין אָהנמאכט, בלינד, געבונדען, קענען דיר
ניט העלפען און דיר קיין רעטונג ברייננגען ?
דען וואָס גאָטס בעשטימונג איז
קען דער מענעשן־ווילען ניט ענדערן
אזוי האָט מיר אויך דיין שיקזאל געלערנט,
און אנדערס וואָלט איך זינגען, היינט, פראָמעטהעאוס

ווי דאמאָלסט ווען איך האָב מיט לוסט צו דיין הייראט
צו דיין ב אָ ד און דיין ה אָ כ צ י י ט ־ ב ע ט געזוננען. דאן ווען דו
האָסט ט ה ע ט י ס טאָכטער, אונזער שוועסטער
העזיאָנע, געוואונען, אלס געטרייע ווייב ! —
(יא, אָקסען הערנער אויפ׳ן קאָפּ, צעריסענע קליידער און צומישטע האָר, לויפט גיך אַרויס אויפ׳ן פאָרדערגרונד.)
י א :
וואָס פאר א לאנד ? וואָס פאר א פאָלק ? ווער איז עס וועמען איך זעה דאָרט ?
— דאָרט צווישען די פעלזען אין קייטען געבונדען ?
פאר וועלכעס פארברעכען קומסט דו אָב ?
וואו בין איך א הינגעקומען איך עלענדע, זאָג מיר ! — — —
וועה מיר, אָי וועה ! פון דאָס ניי דרינגט דער שרעק
מיר שטעכענד דורך די גליעדער ! דאָרט, אָי דאָרט !
דאָס שרעקליכע בילד פון אָ ר ג א ס ! וועה, העלפט !
דעם טרייבערס טויזענדפאכיגע אויג — איך ציטער —
בליקט אויף מיר מיט קלוגען פאָרשענדען בליק ;
אָך, טויטערהייט נעהמט איהם ניט אויף די ערד !
אויף מיר, אויף מיר, אינזעלינע, פון דעם אָבגרונד
ארויפגעשטיגען, יאָגט ער זיך נאָך
און טרייבט מיר, אלס פערהונגערטע ווייט און ווייטער
אויף ווייטען ברעג פון׳ם ים ! — און זינגט ניט מיט די טענער
פון דאָס פייפעל, דאָס שלאָף־ליעדעל שוין דערצו ? — אָי יועה !
וואו פיהרט מיר דער ווייט דורכגעבלאָנדזשעטער וועג אהין ?
פאר וואָס פאר א פארברעכען, ק ר אָ נ י ד פאר וואס פאר א פארברעכען,
וואָס דו באשטראָפסט מיט זאָלכע א יאָך פון מאטערנישען ,
וואָס האָסט דו געפּונען אָן מיר, די אונגליקליכע.
וואָס האָסט די געפונען אָן מיר, וועלכע דו צום וואהנזין
מיט דיין פיינינונג טרייבסט ! דעם בליץ !
אויף מיין שייטעל ! אין דעם שוים פון דער ערד,
טיעף אין דעם אָבגרונד פון די וואסערן פארזינק מיך !

אַ הער, מיין האר, דערהער מיין געבעט.
לאָז שוין געגוג זיין מיט מיין פאַרבלאָנדזשעטער וואַנדערונג,
אויב ניט, דאַן געפין איך קיין אויסוועג פון מיין ליידען! —

ע ר ש ט ע  אָ ק י א נ י ד ע:

דערקענסט דו די שטימע פון די געהאָרנטע פרוי?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

יאָ, איך דערקען די שטימע פון די אונגליקליכע,
די טאָכטער  א י נ א כ אָ ס,  וועלכע האָט  ז ע א ו ס  נעמיטה
אָנגעצונדען מיט ליעבע, און וועלכער  ה ע ר א ס  צאָרן
טרייבט מיט געוואַלט, בלאָנדזשענדיג אָהן רוה איבער דער וועלט
צו וואַנדערן.

י א:

ווי האָסט דו דערוואוסט דעם פאָטערס נאָמען?
אַ זאָג עס מיר, די עלענדע, דו אַליין אזוי עלענד!
און ווער ביסט דו אליין, דער דו מיר שמערצענס־רייכע
אזוי ריכטיג האָסט דערקענט? יאָ, יאָ, דו האָם עס אָנגערופען
ריכטיג דעם שרעקען פון מיין קראַנקהייט, מיט דעם ברענענדיגען
שטאָך פון וואַהנזין האָט מיר די געטין געטראָפען
אין שטורימדיגען לויפען, פון שרעקליכער פאָרכט געיאָגט
פון הערא׳ס גרויזאַמען גרים־צאָרען בין איך געקומען אַהער.
אַך עלענד, אונאויסשפּרעכליך עלענד זיינען אַלע,
וועמען עס טרעפט זאָלך אַ ליידענדער שיקזאַל ווי מיך!
דאָך דו, אַ לאָז עס מיר וויסען, זאָג מיר וואָס איך האָב נאָך
צו ליידען, צייג מיר די הילף,
אַ מיטעל פאַר מיין קראַנקהייט, ווען דו קענסט!

צ ו ו י י ט ע  אָ ק י א נ י ד ע:

ווען דו עס קענסט, זאָג דאָס דער אָרימער מויד!

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

איך וויל אַלץ וואָס דו פערלאַנגסט דיר זאָגען,
קלאָהר אָהנע רעטעניש, מיט איינפאַכע ווערטער,
ווי צווישען גוטע פריינד גערעדט;
איך בין עס,  ד ע ר  פ י י ע ר ־ ש פ ע נ ד ע ר,  בין  פ ר אָ מ ע ט־
ה ע א ו ס,

יא:

אָ דו בעשיצער פון דער גאנצער מענשהייט! אונגליקליכער
פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס, פון וואנעט איז דיר געקומען זאָלכע פיין?

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

קוים האָב איך אויפגעהערט צו קלאָגען איבער מיין אונגליק.

יא:

און מיין ביטע — זאָגסט דו מיר זי אָב?

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

זאָג, וואָס פערלאנגסט דו? אלץ זאָלסט דו הערען,

יא:

זאָג ווער האָט דיר אָנגעשמיעדט אין דיזער פעלזען־שלוכט?

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

ז ע א ו ס האָט עס געוואָלט, ה ע פ א י ס ט אָ ס האָט עס אויס־
נעפיהרט.

יא:

און וואָס פאַר אַ פאַרברעכען ליידסט דו דאָס אלעס?

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

ניין — איך קען עס ניט — לאָז רוהען דיזע פראגע! —

יא:

אָ דאן זאָג מיר וועניגסטען, מיר די עלענדע
דעם ציעל פון מיין ארומבלאָנדזשען, און די צייט?

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

בעסער דו זאָלסט עס ניט וויסען איידער צו וויסען,

יא:

פאַר וואָס זאָל עס זיין פאַרבאָרגען, דאָס וואָס איך לייד?

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

איך בין דיר ניט מקנא, דיעזע גייעס!

יא:

וואָס האלסט זיך אזוי צוריק מיר אלץ אָנצוזאָגען.

פּ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

גערן, גערן; נור איך וואָלט דיר ניט וועלען איבערשרעקען.
דאָס טהוט מיר זעהר לייד.

יא:

זאָרג זיך ניט וועגען מיר מעהר? ווי מיר אליין ליעב איז!

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
נו אז דו ווילסט, דאן מוז איך עס, אלזאָ הער : — —
צ ו ו י י ט ע אָ ק י א נ י ד ע :
נאָך ניט ! הער אונזער פערלאַנג !
זאָל זי אונז ערשט איהר איינענעם אונגליק דערצעהלען,
און האָט זי איהר פערגאנגענהייט אונז דערצעהלט
דאן זאָל זי ערשט איהר צוקונפט פון דיר הערען —
פ ר אָ מ ע ה ע א ו ס : (צו יאָ)
אָ, דאָס איז דיין זאך, מיין קינד, טהו זיי
דעם פערלאנג ! זיי זיינען דאָך דיין פאָטערס שוועסטערן.
איך לוינט עס זיך די מיה, דאָרט, וואו אוים מיטלייד
טרעהרען פליסען, די ביטערע
שמערצען איינמאָל זיך פון הארצען אויסצוואוויינען.
י א :
יא פאר אייך קען איך ניט אנדערס, איך וויל אייך טהאָן אייער פערלאנג,
הערט זיך איין קלאָהר, וועגען וואָס איהר פרעגט, הערט
דעם גאנצען שיקזאל, שמאך קען מען עס אָנרופען,
דער געטליכער שטורם, וועלכער האָט מיר געפּאקט
און, מיר אזוי פערוואנדעלט. און האָט מיר אוועקגעשליידערט צו זאָלכע
ביטערע שמערצען — ווי איך האָב דאָס ביז יעצט דערליטען. —
— פ א נ ט א ז י ע ־ ב י ל ד ע ר מיט שמייכעלדינע געדאנקען
זיינען יעדע נאכט אריינגעטראָטען אין מיין שלאָפצימער
און האָבען צו מיר געזאָגט „דו גליקליכע מויד,
פארוואָס אזוי לאנג נאָך א בתולה, ווארט דאָך אויף דיר
די טהייערע חתונה, דען ז ע א ו ס
האָט זיין פייל פון פערלאנגען אויף דיר געטראָפען,
מיט דיר אין ליעבע וואָלט ער זיך פאראייניגען,
דו אָבער קינד, זאָג זיך ניט אָב צו שלאָפען
אין זיין אָרים ; אין ל ע ר נ א ס טהאָל,
וואו עס פיטערן זיך די לעמער פון דיין פאָטער
געה ארויס און גיב זיך איבער דעם פערלאנגען פון זיין געטער־בליק !

זאָלבע טרוימען האָבען מיר יעדע נאכט
געטרוימט, ביז איך האָב עס געוואגט,
וואָס מיר האָט געשעהן עס מיין פאָטער צו דערצעהלען
ער האָט געשיקט זאָפאָרט נאָך פ י ט ה אָ און ד אָ נ אָ נ א
זעהר פיעל שלוחים, אום צו ערפאהרען ווי ער
זאָל די געגנאָר פון די געטער ערהאלטען מיט ווערטער און טהאטען ?
דאָך צומישטע נאכריכט מיט א טונקעלן שלייער פארשטעלט
פון אלע טעמפלען האָבען זיי צוריק געבראכט,
ביז ענדליך האָט, א י נ אָ כ אָ ס געקראָגען אן ענטפער
צו דייטליך ארויסגעזאָגט און אויך א באפעהל.
מיך פון מיין היים און מיין פאטערלאנד צו פארשטויסען.
אוועק ביז די ווייטעסטע גרענעצען פון דער וועלט צו אנטלויפען.
אויב ניט וועט ז ע א ו ס ערגיכטענדער שאָס ארונטערפאלען
מיט פלאמענדער קראפט אויף איהם און זיינע קינדער —
קלאָנענדיג און וויינענדיג האָט ער זיך געמוזט אונטערוואָרפען דאָס
וואָרט.
קלאגענדיג האָב איך געמוזט אנטלויפען פון מיין פאָטער׳ס שוועל ;
אזוי האָט איהם דער געטליכער ווילען געהאלטען הארט אין צוים.
און באלד האָט זיך פארוואנדעלט מיין שייטעל
אין דיעזען געהאָרנטען קאָפּ — און אזוי מיין גייסט ;
דען פון דעם שטאָך, פון׳ם וואהנזין געטריבען
שטורם איך מיט בלאָנדזשעדיגען לויפען צו ל ע ר נ א ס פעלדער,
דאָרט, וואו ק ע ר כ נ י י א ׳ ס שעהנע וואסערען רוישען — —
אָבער א היטער יאָגט מיר נאָך מיט הארטען געדאנק,
א ר ג אָ ס, דער הונדערט־אייגיגער זוהן פון דער ערד,
אויף אלע וועגען יאָגט ער מיר נאָך — דאָך איהם האָט, אונער־
ווארטעט
זיין שיקזאל, פלעצליך פון׳ם לעבען אָבגעריסען —
מיר אָבער טרייבט די שווערע פלאָג פון דער געטין
וואהנזינינג, בלאָנדזשענדיג פון לאנד צו לאנד.
דו הערסט מיינע ליידען ; ווייסט דו דעם רעסט פון דעם
דאן זאָג מיר, דאָך ניט אויס מיטלייד זאָלסט דו מיר שמייכלען

מיט פארשלייערטע ווערטער; ד ע ן  ל י ג ע ן  ז אָ נ ע ן  ר ו ף
א י ך
ד אָ ס  א ל ע ר ש ע נ ד ל י כ ס ט ע  מ ע נ ש ל י כ ע
פ ע ה ל ע ר ! —

צ ו ו י י ט ע  אָ ק י א נ י ד ע :

אָי וועה, וועה געגוג שוין! אך קיינמאָל, קיינמאָל
האָב איך געהאָפט צו הערען אזא מין ווילדע געשיכטע!
אזוי שרעקליך צו זעהן! אזוי אונערטרעגליך!
שרעק, שמערץ און אבשיי דרינגט, ווי איין קאלטעס
צווייישנײדיגעס שווערד מיר דורך די בריסט! וועה מיר,
אָ שיקזאל! שיקזאל! טיעף ערשווירדערט בליק איך
אויף יאָ'ס ווייטען ליידענס-וועג צוריק!

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

צו פריה שוין קלאָגסט דו, דו עלענדע!
ווארט נאָך ביז דו וועסט נאָך דאָס איבעריגע הערען!

ע ר ש ט ע  אָ ק י א נ י ד ע :

אָי רעד, און דערקלעהר עס! ליעב איז דאָך דעם קראנקען,
זיין צוקינפטיגעס ליידען אין גאנצען פאָראויסצוזעהן.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

די ערשטע ביטע וואָלט זיך געלאָזט לייכט ערפילען;
דען פון איהר איינענעם מויל האָט איהר געהערט
ווי איהר האָט פערלאנגט, די ליידען פון דיזער יונג־פרוי,
דאן הערט נאָך ווייטער וואָס פאר א ליידען נאָך
האָט  ה ע ר א ' ס  גרימצאָרן אויף איהר אָרויפגעלייגט.
דו אָבער, קינדער פון  א י נ א כ א ס,  גיב אכט
און לאָז דיר דעם ציעל פון דיין בלאָנדזשענען אָנזאָגען! —
צוערשט פון דאנעט, נעגען מזרח געווענדעט,
וועסט דו די־רכוואנדערן פוסטע, אונבאבויטע לענדער,
ביז דו וועסט קומען צום וואנדערנדען  פ אָ ל ק  פ ו ן  ד י
ס ק י ט ה ע ן,
וועלכע פאָרטהיידיגען זיך מיט א געפלאָכטענע וואָגען־פעסטונג
און מיט די פון זייערע בויגענס וויט טרעפענדע פיילען —
געה ניט נאָהענט צו זיין און וואנדער ביים ברעג

וואו עס ברעכען זיך דיר כוואַליעס אויף די פעלזען־ווענד
צום לינקען אָבער מייד אוים די כ א ל י ב ע ר,
די א י י ז ע ן ־ ש מ י ע ד ע ן א רויבער־פאָלק,
וועלכע קענען ניט דאָס מילדע ג א ס ט ־ ר ע כ ט.
דאַן קומסט דו צום ש ט ר אָ ם פון ע ק ש נ ו ת, ריכטיג אָנ־
גערופען ;
געה ניט אריבער, עס איז אונגעהייער שווער,
דו מוזט בעפאָר איבער די העכסטע בערג
פון ק ו י ק א ז אָ ס שטייגען, פון וועלכעס דער מעכטיגער שטראָם
שטראָמט ארוים מיט שטאַרקען געוויש, ארויפשטייגען מוזט דו
די ביז די שטערן גרייכענדע בערג, ארונטער דעם וועג
געגען צפון זוכען, דאָרט וועסט דו די מענער־האסענדע
אמאזאָנען טרעפען.
די וועלכע ווערען אמאָל זיך אין ט ה ע מ י ס ק ו ר א באזעצען
ביים ט ה ע ר מ אָ ד מ אָ ד אָ ן, וואו ס א ל מ י ד ע ס ס אָ ס
קליפען וועלכע זיינען
שטיעף־מוטערליך געגען די שיפען, און פיינדע פון שיפער, —
זיי ווערען דיר גערן ווייזען דעם וועג, וואָס פיהרט דיר
נאָהענט ביים שמאָלען י ם ־ ט ו י ע ר צו דער ק ו מ ע ר ש ע ן
ע נ ג ש א פ ט, און דאָרט מוזט דו מוטהיג
דורכשווימען דעם מ א י אָ ט י ס ־ ז ו נ ד,
ווייט וועט די לעגענדע געהן פון דיין רייזע
און דעם זונד וועט מען דערפאַר „ב אָ ס פ אָ ר ו ס" רופען
און ענדליך האָסט דו פון אייראָפּא דאָס פעסטע לאַנד א ז י ע נ ס
דערגרייכט —
ווי נון ? איז ער ניט א טיראַן דיזער ג ע ט ע ר ־ ק ע נ י נ ג ?
אין אַלעמען גלייך ? דיזע מענשליכע פרוי צו קושען.
דאָס איז געווען זיין געטער־ווילען ! נו פאַרשטויסט ער איהר
אין זאָלכע פאַרוואָגעלטע וועגען ארומצובלאָנדזשענען ! אָי יונג־פרוי
א בייזער חתן איז דיר באַשערט געווען צו דיין חתונה !

י אָ :

אָי וועה מיר, וועה !

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
דו קלאָגסט און יאָמערסט ווידער ?
וואָס ועסט דו טהאָן ווען דו וועסט ערפאהרען דעם רעסט ?
ע ר ש ט ע אָ ק י א נ י ד ע :
נאָך מעהר וואונדערונגען האָסט דו איהר צו זאָגען ?
פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
א שטורימדיג באוועגטער ים פון שרעקליכער נויטה !
י א :
וואָס זאָל איך דען נאָך לעבען ? פארוואָס וואַרף איך זיך
ניט גלייך ארונטער פון פעלזען ?
דאָס איך אין אָבגרונד צושמערטערט, וועל פון אלע צרות
פטור ווערען ? דען בעסער איינמאָל שטארבען,
איידער טאָג און נאכט צו ליידען זאָלכע פיין ! ?
פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
דאַן שווער וואָלסט דו דערטראָגען מיינע ליידען,
מיר, וועמען איז בעשטימט קיינמאָל ניט צו שטארבען,
בעפרייט וואָלט מיר דער טויט פון מיינע קייטען,
דאָך מיר ווינקט ניט קיין ענד,
ביז דער טיראַן וועט ניט ארונטערגעשליידערט ווערען פון זיין
טראָהן.
י א :
ווי דען ? אזוי קען אויך ז ע א ו ס זיין מאכט פארלירען ?
פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
מיט פרייד, דענק איך, וואָלסט דו זעהן זיין פאַל.
י א :
פאר וואָס ניט, פארוואָס האָט ער מיר דאָס אזוי בעהאנדעלט ?
פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
אזוי מעגסט דו וויסען דאָס איך האָב געזאָגט די וואהרהייט.
י א :
ווער וועט איהם דאַן זיין סצעפטער רויבען ?
פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :
דורך דעם נארישען ראטה פון זיין אייגענער הארץ,

י א :

דאָך ווי ? א זאָג דאָס מיר, ווען עס ברייננגט דיר ניט קיין שאָדען!

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

חתונה! חתונה וועט זיין דער גרונד פון זיין טרויער.

י א :

מיט א געטין ? אָדער א מענשען־פרוי ?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

וואָס פרעגסט דו דאָס ? ענטדעקען טאָר איך עס דיר ניט.

י א :

און דורך זיין אייגען ווייב וועט ער ארונטערגעוואָרפען ווערען ?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

א קינד וועט זי געבאָרען, מעכטיגער ווי ער.

י א :

און קיין רעטונג איז ניט דאָ פאַר דיזען פאַל ?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

נור ווען ער וועט צורייסען מיינע קייטען.

י א :

דאָך ווען ז ע א ו ס עס ניט וויל, ווער וועט דיר בעפרייען ?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

איינער פון דיינע שפּראָצונגען איז דערצו באשטימט *)

י א :

וואָס זאָגסט דו ? איך וועל דיר געבאָרען דעם רעטער ?

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

דער דריטער שפּראָץ נאָך צעהן אנדערע...

י א :

ניט אזוי לייכט קען איך באגרייפען דאָס וואָס דו זאָגסט יעצט.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

דאַן פרעג ניט מעהר וועגען דיין שיקזאל.

י א :

האָסטו עס מיר ניט פערשפּראָכען? און ווילסט דו עס מיר ניט זאָגען?

---

*) הערקלעס.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

פון צוויי בעריכטען גיב איך דיר נאָר איינעם.

י א :

זאָג מיר ביידעס און לאָז עס מיר דאן וויהלען.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

גוט וויהל זיך; זאָל איך דיר דעם ענד פון ד י י נ ע ל י י ד ע ן
אָדער ווער עס וועט זיין מ י י ן ב ע פ ר י י ע ר, בעריכטען?

ע ר ש ט ע אָ ק י א נ י ד ע :

איינס מעגסט דו איהר, דאָס אַנדערע מיר בעריכטען;
אָ זאָג מיר ניט אָב מיין פערלאנג:
בעריכט איהר דעם וויטען וועג פון איהר בלאָנדזשעדיגע וואנדערונג
און מיר ד י י ן ר ע ט ע ר: איך זעהן זיך דאָס צו וויסען.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס :

וייל איהר פערלאנגט, וועל איך ניט זיין דאגעגען
און וויל אייך ניט, וואָס איהר האָט געפרעגט, פערשווייגען.
ערסט, י אָ, ווער איך דיר ערקלעהרען דיין בלאָנדזשענדע
וואנדערונג.

קריץ דאָס אין דעם טאָוועל פון דיין הארצען אריין! —
ווען דו וועסט דעם לענדערצושיידענדען שטראָם דורכשווימען,
דאָרט צום אויפגאנג פון די גליהענד זונען־באהן.
דאן זאָלסט דו דורך דעם שווימענדען ים ביז קיסטהענע שטורמען,
וואו יענע אוראלטע שוואנען־יונג פרויען וואָהנען,
די א י י ן ־ א י י ג י ג ע פ אָ ר ק י א ד ע ן, דריי אין צאָהל,
וועלכע פון די פרעהליכע זונען־שטראהלען קיינמאָל ניט בעלויכטעט
ווערען

אויך ניט פון דעם מילדען שיין פון דער לבנה.
און נאָהענט צו זיי געפינען זיך די דריי געפליגעלטע שוועסטערן,
די ש ל א נ ג ע ן ־ ה אָ ר י ג ע ג ר ו י ז א מ ע ג אָ ר ג אָ נ ע ן,
פון וועמענס בליק עס יעטוועט שטיל דער מענשליכער אָטהעם.
געווארנט דירך מיינע ווערטער האָב איך דיך!
דאָך וועגען אַן אַנדער שוידערליכען אָנבליק
ווער איך דיר נאָך זאָגען און זוך עס אויסצומיידען: דאָס זיינען
ז ע א ו ס

שטומע הינד, די ש א ר ף ־ צ י י נ י נ ע ג ר י י פ ע ן און דאָס פאָלק

די איין־אייגיגע, קריענזוזכטיגע א ר מ א ס פ ע ן,
וועלכע וואויהנען ארום דעם ג אָ ל ד ע נ ע ם ש ט ר אָ ם פ ו ן פ ל ו ט א ן.

בלייב ווייט פון זיי; דאן קומסט דו צום ווייטען לאנד
פון דאָס שווארצע פאָלק ביים קוואל פון העליאָס,
צו די וואסערען פון ע ט ה י אָ פ ע ן; ביי איהרע ברעגעס
ציה ווייטער ביז צום וואסערפאל וואו הויך
פון ב י ב ל אָ ס בערג זיין היילינגען שטראָם
דער זעגענס־רייכער נ י ל ארויסשטראָמט; ער וועט
דיך אין נ י י ל אָ ט י ס דריי געשפיצטעס לאנד
ארונטערפיהרען, וואו עס איז דיר בעשטימט
זיך מיט דיין געזונד זיך צו באזעצען. —
פעהלט דיר נאָך דאָ און דאָרט א דייטליכעס וואָרט,
וועל איך דיר עס זאָגען, און דו וועסט עס אין גאנצען באגרייפען.
איך האָב דאָך גענוג צייט דערצו!

ע ר ש ט ע אָ ק י א נ י ד ע:

האָסט דו איהר מעהר נאָך אָדער וואָס דו האָסט נאָך אויסגעלאָזען
פון איהר וואנדערונג, צו בעריכטען.
דאן זאָג עס; דאָך, ווען דו וועסט אליץ האָבען געזאָגט, דענק
אָן אונזער ביטע, ווי דו ווייסט.

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

די גאנצע וואנדערונג האָט זי נון געהערט,
דאָך, אום דאָס זי זאָל זיך ניט האלטען פאר אָבגענארט, וועל איך
אויך וואָס זי האָט פריהער געליטען, בעריכטען,
אום צו פערזיכערען דעם אמת פון מיינע רייד,
וואָס אונוצליך איז לאָז איך אוועק און ווענד מיך
גלייך צום ציעל פון דיעזע בלאָנדזשענדע וואנדערונגען. —
ווען דו ביזט געקומען אויפ׳ן פלאך פון מ אָ ל אָ ס א,
און וואו אויף ד אָ ד אָ דאָנ א ׳ ס ה ו י כ ק י י ט, אומגעבען פון רוישענדען אייכען־וואלד
דאָס היילינגע אָ ר א ק ע ל פון דעם גאָט,

דיך אלס זעאוס ווייב — שמייכעלט דיר דאָס וואָרט ? —
מיט קיין פאַלשען פאַרשלייערטען וואָרט, האָט באַגריסט,
דאַן ביסט דו אנטלאָפען, אין דיין וואהנזין, לייננסט דעם ברעג
ביז די ווייטע ב ו כ ט פ ו ן ר ה ע א און פון דאָרט
דורך שטורם און וועטער בלאָנדזשעסט דו צו אונז ;
דאָך וויסען זאָלסטו דו, דאָס צום אנדענקען פון דיין וואנדערונג
די י אָ ׳ נ ש ע ב ו כ ט זי זאָל גערופען ווערען.
דיר אָבער זאָל דאָס זיין א צייכען פון מיין קונסט,
ווי מעהר איך זעה, ווי אנדערע —
און יעצט צוריק געקומען צום ערשטען וועג
זאָג איך ביידען צוזאמען דעם רעסט
דאָרט וואו ק א נ אָ ב א ס שטאָרט ביים ברעג פון לאנד
נאָהענט ביי דער מינדונג פון דעם נ י ט, ד אָ ר ט
שענקט דיר זעאוס די קלאָהרקייט פון דיי־
נע געדאנקען
ווידער צוריק, נור מיט לייכטער האנד דיין קאָפּ
אָנריהרענדיג:
און וועט מיט דיר געבאָרען דעם שווארצען ען פ א פ אָ ס,
אזוי אָנגערופען נאָך די זאנפטע טהאט פון דעם גאָט ;
און דער אלס פירסט, וועט געניסען די פרוכט
וועלכע ווערען רייף פון דעם ברייטען שטראָם פון ניל.
דאָס פינפטע, פופציג־שפּראָציגע געשלעכט
קעהרט זיך ווידער ווילען ערסט אהיים צו א ר ג אָ ס,
א מאַסע מיידלאך, וועלכע אנטלויפען פון א בלוט־שענדליכע
חתונה מיט זייערע שוועסטער קינדער, דאָך אין זייער לײדענשאפט
יאָגען זיי זיך נאָך די מיידלאך ווי ווילדע טויבען.
און נעהמען דאָס, וואָס זיי געהערט ניט און פייערן
פון גאָט מקנא א פארדאָרבענעם יום־טוב.
דען ביי נאכט האָט יעדע פרוי מיט מוטה
יעטווערען מאַן אריינגעשטאָכען דעם צווייש־ניידיגען שווערד
אין לייב, דאָס קאַלטע אייזען געטונקט אין זייער ווארים בלוט,
אזוי האָט פ ע ל אָ ס ג י א אויסגעבעט איהר אויסגעלייגטע שטארע
וואָלט ק י פ ר י ס אזוי טרעפען מיינע שונאים ! —

דאָך איינע פון די מיידלאַך וועט פון ליעבע געריהרט ווערען,
איהר געפיהל איז ווייך, זי רויבט ניט די נשמה פון איהר מאן,
זי וועהלט פון ביידעס ליעבער זיך: ש ו ו א ך
אַנגערופען צו ווערען, א י י ד ע ר מ י ט ב ל ו ט ב א פ ל ע ק ט
צ ו ז י י ן;
און זי געבאָרט דעם ק ע נ י ג ס ־ ש ט א ם פ ו ן אַ ר ג אַ ס.
וואָס זאָל איך איך נאָך פיעל וועגען איהם זאָגען?
פון דיעזען זאמען וועט אויפבליהען אַ שטארקער העלד
דער פירסט פון בויגען, וועלכער מיר
פון מיין ליידען וועט דערלייזען: אזוי האָט מיר די מוטער
די טיטאנין טהעמיס מיט איהר געטליכען פּראָפעטהען בליק
פּאָראויסגעזאָגט — דאָך פיעל צייט וואָלט עס נעהמען צו ערקלעהרען
ווי אזוי און וואו — וואָס אויך נוצט עס דיר? — —
י א:
וועה מיר! — דער בראנד — די גיפטיגע פּלאָג פון וואהנזין!
דער פייערדיגער — דער שטאָך — בויערט זיך אין מיין געהירען!—
אָ — ווי מיין הארץ שלאָגט נאָהענט ביי זיין געצעלט! —
ווי פארטומלענדיג דער בליק מיר דרעהט אין קרייזען! —
אוועק פון וועג שליידערט מיר דער שטורם! —
מיין צונג איז אָהנמעכטיג! אומזיסט קעמפּפען
די צומישטע ווערטער אהין און אהער געוואָרפען
אין דעם וויסטען קאָכעדיגען דראנג פון ווילדען שרעק
(זי אַנטלויפט אין איהר וואהנזין).
צ ו ו י י ט ע אָ ק ע י א נ י ד ע:
קיינמאָל, אָי קיינמאָל, לאָזט מיר, איהר מעכטע פון שיקזאל,
אַלס ווייב אין די אָרימס פון זעאוס זינקען, קיינמאָל
לאָזט מיר ניט ווערען די כלה פון א גאָט!
דען שוידערנדיג זעה איך י אָ, דיזע יונגע פרוי
אַנטלויפענדיג פון דעם געטליכען התן און שווער פון ה ע ר א ס
אייפערזיכטיגען גרימאָצרן געטראָפען און געיאָגט
ע ר ש ט ע אָ ק י א נ י ד ע:
יא, קלוג, קלוג איז געווען דער, וועלכער האָט עס צו ערשט בעגריפען
און אין די ווערטער האָט איינגעפאסט: „ד אָ ס ג ל י י כ ע

פערבינדונג פיהרט צום גליק!

דערפאַר זאָל דער גרינגער ניט טראכטען זיך צו פעראייניגען
מיט דעם פראָהלער רייכטהימער און מיט דעם
שטאָלצען פון אדעליגען געשלעכט.
און אונז פּאַסט אויך נור דער גלייכער בונד,
אונז שרעקט די זעהר הויכע ליעבע פון דעם הימעל;
דען פון דעם געטער־בליק איז ניט מעגליך צו אנטלויפען,
און אין קאַמפּף וואָלט איך וועגען ראטה און הילפע ניט געוואוסט.
וואָס וואָלט געוואָרען פון מיר? ווען זעאוס בעשלוס
באשטעהט?
און קיין אנטלויפען רעטעט מיר פון זיינע אָרימס.

פראָמעטהעאוס:

און דאָך שטאָלצער זעאוס, וועסטו דו ניט באשטעהן!
אַ שידוך וועסט דו טהאָן,
וואָס וועט דיר דעם סצעפּטער פון דיין מאַכט צו ברעכען! —
דאַן וועט ערפילט ווערען די קללה פון פאָטער קאראנאס
וועמען ער האָט ארונטערגעוואָרפען פון אַלטען שטוהל.
און קיינער פון די געטער קען דיר ניט ווייזען דעם וועג
פון רעטונג, ווי איך נור אליין!
איך קען עס; איך וויים דעם וועג! זאָל ער נור רעגירען
און מיט זיין דונער דורך די לופט זיך פראָהלענדיג
און שאָקלען זיך פרעך מיט זיין געשאָס,
נישט קען איהם פארהיטען פון זיין שווערען פאַל,
מיט שאַנדע זינקט ער אונרעטבאר ארונטער,
און געגען איין געגנער וועט ער זיך
באוואפענען
אַ העכערעם וואונדער פון אונבעזיגטער
קראַפט,
וועלכער וועט שליידערן אַ פונקען מעכ־
טיגער ווי דער בליצשטראהל
מיט גערויש, וואָס וועט דעם דונער בע־
טויבען,

יא װעלכער װעט פּאָזײדאָנס ערד־ציטערנ
דיגען דרײ־צאַק
אין ים פערניכטען,
און זײן אונגליק װעט ער ערשט דערקענען
דעם אונטערשיעד פון הערשען און דיענען.

ערשטע אָקיאַנידע:

מיט דײן פערלאַנגען, װי עס שײנט, שרעקסט דו זעאוס!

פּראָמעטהעאוס:

נור, װאָס װעט װירקליך געשעהן. אין אמת׳ן װינש איך דאָס איך.

צװײטע אָקיאַנידע:

און גלױבען זאָל איך אָן דעם פאַל פון דעם גאָט?

פּראָמעטהעאוס:

שרעקליכערע לײדען װי דאָס איז איהם באַשטימט.

ערשטע אָקיאַנידע:

און זאָלבע לעסטערונג, עס שרעקט דיר גאָר ניט?

פּראָמעטהעאוס:

װאָס זאָל איך מיך שרעקען? דער טויט איז מיר ניט בעשטימט.

צװײטע אָקעיאַנידע:

דאָך ער קען דיר נאָך שװערערע לײדען פערשאַפען!

פּראָמעטהעאוס:

מעג ער! אויף אַלעס טרעפט ער מיר געפאַסט.

ערשטע אָקעיאַנידע:

עס בויגט זיך דער קלוגער אונטער דער נעמעזיס.

פּראָמעטהעאוס:

בעט! קריעך אהין צום הויכען האר!
איך אכט איהם דאָך פיעל װעניגער װי גאָרנישט
געװועלטיג נור דיזע קורצע צײט,
װי דיר איז געפעליג, דו װעסט ניט לאַנג הערשען! —
דאָך זעה איך דאָרטען ניט זײן שליח זיך נעהענטערן,
דעם נײען קעניגס מונטערען קנעכט? װי עס שײנט
װיל ער מיר פרישע נײעס בעריכטען —
(הערמעס קומט, מיט געפליגעלטען פוס, מיט דעם העראָלד שטעקען פון
דער הויך אַרונטער און בלײבט ניט װײט פון פּראָמעטהעאוס אויף אַ
העכערען פעלזען פאַר איהם און די אָקעיאַנידען שטעהן)

ה ע ר מ ע ס:

צו דיר דעם קלוגען, דער וועלכער פערשטעהט אזוי צו לעסטערן,
דו פ ע ר ב ר ע כ ע ר צ ו ד י ג ע ט ע ר, וועלכער איז צוליעב די
מענשהייט געוואָרען אַ רויבער, צו דיר רעד איך.
דער פאָטער פערלאַנגט פון דיר דו זאָלסט איהם בעריכטען
דורך וועלכען שידוך, ווי דו טהוסט זיך פראָהלען וועט פון איהם
זיין מאַכט געטרויבט ווערען, אָהנע רעטהעניש זאָלסט דו עס זאָגען.
מאך מיר ניט טאָפּעלטע מיה;
דו זעהסט דאָך אַליין, פ ר מ ע ט ה ע א ו ס דאָס דער גאָט
איז ניט זעהר זאַנפט, און וואָס דו קענסט נאָך ערוואַרטען. —

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

ווי גרויסאַרטיג מיט שטאָלצען זין!
דאָס איז דעם ג ע ט ע ר־ה ע ר אָ ל ד'ס ריכטיגע שפּראך.
ניי הערשט איהר מיט דער נייער מאַכט און דיינקט זיך
אין אַ אונבעצווינגבאַרע פעסטע בורג פון אייביגער לוסט? האָב
איך שוין ניט

צוויי טיראַנען געזעהן פון דאָרט געשליידערט?
און דיזען דריטען דיזען היינטיגען זעה איך אויך
אויף שענדליכסטען און גיכסטען אַרט. מיינסט דו אפשר
איך ציטער און שרעק זיך פאַר די נייע געטער?
גאָר ווייט בין איך דערפון!
געה נור דעם וועג פון וואַנעט דו קומסט צוריק;
דען גאָרנישט וועסטו דו קריגען צו וויסען, וואָס דו וואָלסט אזוי גערן
ערפאַהרען.

ה ע ר מ ע ס:

דיין עקשנות איז עס נור געוועזן וואָס האָט דיר
אין דיזען יאָמערליכען פּאָרט אַריינגעשטייערט!

פ ר אָ מ ע ט ה ע א ו ס:

פ א ר ד י י ן ש ק ל אַ פ י ש ע ן ד י ע נ ס ט װ אָ ל ט א י ך
מ י י ן ל י י ד ע ן —
י א ה ע ר ע ס נ ו ר ד י י ט ל י ך — נ י ט א ו י ס־
ב י י ט ע ן, ק י י נ מ אָ ל נ י ט!

דען בעסער איז עס פערשקלאפט צו זיין
צום שטיין
איידער צו זיין א טרייער קנעכט ביים
פאטער זעאוס —

הערמעס:

שיינט עס דאך אז דיין לאגע געפעלט דיר זעהר.

פראמעטהעאוס:

געפעלט? א יא! ווען איך נור אלע מיינע פיינד
אזוי זאל זעהן און דיר דערצו!

הערמעס:

מאכסט דו מיר אויך שולדיג אין דיינע ליידען?

פראמעטהעאוס:

אין אמת'ן געזאגט: אלע געטער האס איך
די מיר פאר גוטעס, שענדליכעס און שלעכטעס האבען געטהאן.

הערמעס:

אין קיין קליינעם וואהנזין, זעה איך דיר.

פראמעטהעאוס:

וואהנזין? יא, ווען מען „די פיינד האסען" וואהנזין אנרופט!

הערמעס:

ניט אויסצוהאלטען וואלסט דו געוועז, ווען עס וואלט דיר וואויל
געגאנגען.

פראמעטהעאוס:

וואויל? — וועה! — —

הערמעס:

גארנישט וייסט זעאוס פון דיזען אויסרוף.

פראמעטהעאוס:

דאך פיעל וועט אונז די לאנגע צייט נאך לערנען

הערמעס:

דו האסט דאך די קלוגשאפט קיינמאל פון איהר געלערנט.

פראמעטהעאוס:

ווען איך וואלט געוועזן קלוג וואלט איך דאך ניט בעדארפט רעדען
מיט אזא קנעכט.

הערמעס:

און וואָס דער פּאָטער פּרעגט — דו ווילסט עס ניט זאָגען?

פּראָמעטהעאוס:

ווי וואָלט ער זיך דעם דאנק פון מיר פאַרדיענט?!

הערמעס:

אזוי ווי אַ אינגעל ווער איך דאָ אָבגעלאכט!

פּראָמעטהעאוס:

ביזט דו ניט נארישער פאַר אַ אינגעל,
ווען דו האָסט עס געהאָפּט פון מיר צו הערען?
זאָג צו זעאוס דאָס ניט מיט מאַרטערניש אָדער קלונשאפט
וואָלט ער מיר געקענט דערצו צווינגען,
סיידען ער וועט אראָבנעהמען פון מיר די שענדליכע קייטען.
זאָל ער נור זיין פייער פלאָם שליידערן
מיט אַ ווייסען שנעע שטורם און מיט דונערדיגען געראויש
אין קראַך פון גרונד אוים דעם אלל צוזאַמענברעכען,
מיר וועט דאָס ניט בייגען: קיינמאָל וועט ער ער־
פאהרען
דורך וועמען ער וועט פאַרליערען זיין
טיראַנענטהום.

הערמעס:

זעה נור צו, אויב דאָס וועט דיר קענען בעפרייען!

פּראָמעטהעאוס:

שוין לאַנג איז דאָס פאָראויסגעזעהן און פעסט באשטימט!

הערמעס:

בעגרייף עס, דו גענאַרטער, בעגרייף דאָס ענדליך
ווי דו בעדאַרפסט אין דיין אונגליק זיין געזאָגען!

פּראָמעטהעאוס:

אומזונסט ראָטהסט דו מיר צו אזא מין עקעלהאפטע טהאַט
קיינמאָל וועט עס דיר ניט געלינגען, דאָס מיר דער גאָט צו פאָרכט
און פייגהייט וועט ערנידריגען! איהם אלס נידריגסטען
פון די ערגסט, ווי אַ פרוי, מיט הויכגעשטרעקטע אָרימס אָנצו־
בעטלען,
דאָס ער זאָל מיר פון דיזע קייטען בעפרייען —

הערמעס:

אומזונסט, זעה איך, איז געווען מיין לאנגעס רעדען
גאָרנישט ריהרט און מילדערט דיר דיין שטאָלצע הארץ;
ניין, ווי א יונג פערד פרעמד פון א צוים
מוטווילינ שפּרינגסט דו און שטעלסט זיך אויף אין דיין יאָך!
דאָך דיין עקשנות שטעהט אויף א שאָקעלדיגען גרונד
דען א נארען העלפט די איינגעשפּארט־
קייט
אין דער אמת'ן קיינמאָל ניט צום זיעג.
הערצו, ווען דו ווערסט ניט פאָלגען מיינע ווערטער, דאן אָך!
וואָס פאר א שטורים־געוויטער, וואָס פאר א שטראָם פון שמערצען
דיך וועט טרעפען: מיט בליץ און דונער
וועט דיר דער פאָטער אריינשלאָגען אין דעם פעלזען אָבגרונד
אין שטיקער וועט פליהען דיין שטיין און וועט דיך אריינשליידערן
און די אָרימס פון די פעלזען, וועלכע ווערען דיך האלטען
איינגעקלאמערט, ביז די צייט איז געענדיגט. —
דאן צום ליכט שטייגסט דו ווידער ארויף;
דאָך מיט גרויזאמקייט האקט דיר דער הונד פון זעאוס,
דער שטורמדיגער אָדלער, אין דיין צובראָכען לייב מיט זיינע
שארפע נעגעל
און רייצט זיך מיט דאָס בלוטיג פרעסען פון דיין לעבער,
א אונגעבעטענער בלוט־דאָרסטיגער גאסט.
און ניט קיין ענדע זאָלסט דו האָפען פון זאָלכע מאטערנישען,
בעפאָר פון די געטער איינער, וועט ערשיינען
בערייט פאר דיר אין האדעס נאכט ארונטערצושטייגען,
צום טיעפען נעבעל־שלונד פון טארטאראָס.
ענטשייד! מיין צונג פראָהלט זיך ניט מיט געשיכטען
אמת זאָג איך דיר;
דען פרעמד פון דאָס געטליכע מויל זיי־
נען ליגענס
וואָס זעאוס האָט בעשלאָסען, דאָס וועט
ער אויך אויפפיהרען.
דרום זעה צו, באדיינק, היט זיך ניט מעהר

ווי די גוטע איבערלייגונג די עקשנות'דיגקייט צו ליעבען! —
צווייטע אָקעיאַנידע:
זעהער ריכטיג געפעלט מיר הערמעס רייד
ער ראט דיר זיך ניט אזוי איינצושפּארען
און דעם באַדעכטיגען זין צו פאָלגען.
יא, טהו עס! דעם קלוגען שענדעט עס
ווען ער מאכט א פארזעהען.
פּראָמעטהעאוס:
דיזע נייעס האָב איך שוין געוואוסט איידער זיין רוף האָט מיר
דערגרייכט;
עס שיקט זיך אָבער אזוי דעם פיינד:
פונ'ם פיינד צו ליידען! —
דאן ווארף דאך שוין דעם בליץ־שטראהל'ס פייער שלאַנג
אויף מיר אַרונטער, פון ווילדע ווינטען פול מיט גרויזאמקייט
דורכ געקראמפּט די לופט, אין זיינע וואַרצלען
דערציטערט דער אָרקאן דעם אָבגרונד
פון דער ערד, און די כוואַליעס פון ים
זאָלען פערפלייצען מיט ווילדען גערויש די באהן פון די שטערן!
און ווארף אין גרויזאמען ווירבעל פונ'ם שיקזאל
מיין לייב אין שווארצען טארטאראָס ארונטער:
ער קען מיר דאָך ניט טויטען!
הערמעס:
הערט נור
די צומישטע רייד פון א ראזענדען!
וואָס פעהלט איהם נאָך צום וואהנזין? וואהנזיניגער פּראָהלער,
ווען וועסט דו איינצאהמען דיין צאָרן? — דאָך איהר ווייבער,
וועלכע האָבען זיך דאָ פול מיט מיטלייד ארום איהם פערזאמעלט;
אוועג מיט אייך פון דיזען אָרט וואָס גיכער,
דאָס ניט דעם דונערס שרעקליכעס גערויש
זאָל אייך ניט רויבען דאָס בעוואוסטזיין!
ערשטע אָקעיאַנידע:
וואָס אנדערס ראטה
און רייד מיר צו, ווען איך זאָל דיר פאָלגען;

ניט צו דער ליידען איז מיר געוועזן דיינע ווערטער, ווי פאַרדערסט דו
פון מיר דאָס שלעכטעס? וואָס געשעהן מוז, מיט איהם וויל איך דאָס
ליידען צוזאַמען; פעררעטהערס האָב איך געלעה־
רענט פעראכטען.
קיין קראנקהייט איז ניטאָ וואָס איז
מיר עקעלהאפטער ווי פעראטה!

הערמעס:

גערענקט, פאַראוים
איך האָב אייך בעפאָר געווארנט! און שעלט מיר ניט,
ווען עס אייך טרעפט, דאָס שמערצליכע שיקזאל;
זאָגט ניט דאָס זעאוס האָט אייך אונשולדיגער הייט
אין ליידען אריינגעשליידערט, ניט פלעצליך, ניט דורך בעטרוג,
ניין דורך אייך אליין, דורך אייער אייגענער דומהייט
האָט אייך דאָס שיקזאל אריינגעכאַפּט אין איהר ווייטגעשפּאנטען
נעץ. —

(הערמעס פערלאָזט די פעלזע הויכקייט ווערענד זיינע לעצטע ווער־
טער; און שוין פאַנגט אָן דער אָרקאן צו שטורמען, דונער און בליץ פאַל־
גען גיכער און גיכער, פינסטערע וואָלקען פארטונקלען דעם הימעל און
זינקען זיך ארונטער ארום דעם פעלזען־שפּיץ, ערדציטערנעס ערשיטערט
דעם גרונד פון די בערג; די אָקעיאַנידען קניען אויף דער ערד.)

פּראָמעטהעאוס:

טהאט איז געוואָרען דאָס וואָרט! די ערד
ציטערט, דעם דונערס
עכאָ דורכציטערט די לופט, ווי פייערשלאַנגען צוקען די בליצען
שטויב ווירבעלט אויף,
און עס יאָגט זיך דעם ווינד'ס שטורם־פאָלק אהער,
אין א ווילד־פערטומעלטען געגענזייטיגען קאמפף צומישען
זיך ים און הימעל: אזוי פוי'ם גאָט געשיקט
דרינגט פלעצליך געשליידערט, דאָס שרעקליכע אויף מיר ארויף! —
(ווילדעס גערויש פון דעם געוויטער).
אָ מיין מוטערס הייליגע מאכט! אָ עטהער,
ליכט־קוואל פונ'ם אלל! — זעהט ווי איך
לייד

(דער פעלזען ווערט פארשלונגען פונ'ם אָבגרונד).

ענדע.

